№ 46.

צווייטער יאָהרגאַנג

# יודישע פאָלקס־צייטונג

11 November 1903. פערלאג „פאָלקס־בילדונג“ ווארשא. כ״א חשון תרס״ד.



„אראגא־גורסקי. ווארשא, לעשנא № 4

דאס איינציגסטע מיטעל צום אויסראטען נאגניאטקעס (הינער-אויגען) בראדאווקעס און פערהארטעטע הויט צור פרייז 30 קא׳פ און 50 קאפ. פארדערן איבעראל. (129)

פערלאג „פאלקסבילדונג“.

## ציוניסטישע ביבליאטהעק.

ב.

## די מינסקער ציוניסטישע אסיפה.

פרייז 10 קאפ. מיט פארטא 12 קאפ.

ג.

## דער זעקסטער ציוניסטען קאנגרעס

פרייז 8 קאפ. מיט פארטא 10 ק.

ציוניסטישע אגודות און מויס בעקומען ראבאט.

Издат. „Тушія“, Варшава. — Verlag „Tuschijah“, Warschau.

עס דרוקט זיך

## דער זאמעל־בוך „הילף“

די גאנצע הכנסה פון זאמעלבוך וועט געהן פאר די פאראומגליקטע יודען אין קישינוב.

פרייז 1 רובל מיט פארטא.

רעדאקציע „יודישע פאלקסצייטונג“.

עס איז ארוים פון דרוק און געפינט זיך צופערקויפען

## קאליקעס

ערצעהלונג

פון מ. ספעקטאר

פרייז מיט פארטא 50 קאפ.

זיך ווענדען אויף די אדרעסע פון הערויסגעבער:

Книжный магазинъ ИСААКА ФУНКА, ВИЛЬНА.

ביי דעם זעלבען הערויסגעבער זענען צו פערקויפען דיזע ווערק פון מ. ספעקטאר:

די יודישע וועלט. א זאמלונג ערצעהלונגען, פרייז 60 קאפ.

דער יודישער מוזשיק. א ראמאן אין 4 טייל, פרייז 1 רובל.

עס דרוקט זיך און אין גיכסטען וועט זיך געפינען צום פערקויף דאס ווערק פון מ. ספעקטאר

## עניים ואביונים

(265) א ראמאן אין צוויי טהייל פרייז 1 רובל מיט פארטא. 1—5

דיא ערשטע און איינציגע

## מעכאנישע פאבריק צו רעפארירען שוהוערק.

А. Гринштейнъ, Варшава. Новолипки № 58.

נעמט אן צו רעפארירען אלערליי שוה-ווערק, עס מאכט קיין אונטער-שיעד נישט פון וואס פאר א גאטונג לעדער עס איז. דיא לאטעס ווערדען געקלעפט מעכאניש, גאר אהן נעהטע אין די רעפארירטע שוהע קומען ארויס ווי פון דער ניי, נישט צו דערקענען אויף זיי דעם מינדעסטען צייכען פון רעפארירען.

פראווינציער, וואס ווילען זיך עפענען אזא פאבריקעל, קען איך מיט זיי איינגעהן לויט בעשטימטע בעדינגונגען, ווי איך וועל ענטפערן יעדען, וואס וועט ארייטשיקען א פאסט-מארקע פאר 7 קאפ.

דיא פאבריק איז יעצט איבערגעגאנגען אין מיין אייגענטהום און ווער עס וויל דארף זיך ווענדען נאר צו מיר

А. Гринштейну, Варшава, Новолипки № 58.

פיליאלען: I פראנציסקאנסקא 35 אין טויער. II טווארדא 22 וואהנונג 42 אין צווייטען הויף.

229 19—25

רעפאראציאן ווערד פערפערטיגט ווארטענדיג.

## 1000 ביז 2000 רובל זייטיגע הכנסה יעדעס יאהר

קען האבען יעדער, וועלכער פאר 500 ביז 600 רובל (מען קען אויס-צאהלען אין ראטעס) שאפט זיך איין פון אונז א מאשינע מיט א בע-שרייבונג, וועלכע לערנט אויס ווי איינצוארדענען א זאוואד אליין אהן שום הילף פון איין אנדערן און אהן שום לערנען פאר דעם, ווי צו מא-כען אלערליי סארטען געטרענקע פון פרוכט, יאגדעס, סעלטערס און אנדערע מינעראל-וואסער, פערשיעדענע קוואסען, פראנצויזישע געטרענ-קע און וויין; סידר, שאמפאניער, אריענזשען א. ד. ג. — דעם חשבון וואס דאס דארף קאסטען אין פאלשטענדיגען פראקטישען פרייז קוראנט מיט אילוסטראציעס שיקט ארויס פאר צעהן זיבענקאפעקדיגע פאסט-מארקען די פאבריק פון מאשינען: (237) 5—6

Фабрика машинъ ИПИО и Ко. въ Варшавѣ,
Грибная ул, собств. домъ № 15н.

# החתימה לשנת תרס"ד

על העתון השבועי המצויר לבני הנעורים

שנה שלישית **עולם קטן** שנה שלישית


העורכים: א. ל. בן-אביגדור וש. ל. גרדון.

דמו"ל: הוצאת „תושיה" בורשה.


העתון המצויר האחד בספרותנו בכלל והיחיד ומיוחד לבני הנעורים שלנו בפרט.

שפת ה„עולם קטן" קלה וטבעית והסגנון נאה ומלבב.

ה„עולם קטן" הוא מנוקד כלו.

כל גליון מלבד שהוא נעים לקריאה ומלבב את נפש הקוראים הקטנים והצעירים, הנהו גם מעין חריסטומטיה מצוינה ללמוד שפת עבר. העתון נדפס על ניר יפה ובדפוס מהודר והתמונות מצוינות ביפין וטיבן.

## מחירו 4 רובל לשנה

2 רובל לחצי שנה, 1 רובל לרבע שנה.

החותמים בפעם אחת לשנה שלמה מראשית שנת תרס"ד יקבלו בסוף השנה תשורה יפה חנם. דמי החתימה יוכלו לשלם גם לשעורין: 2 רובל בעת החתימה ושני הרובל הנותרים בראשית הרבע השני.

---

בתור הוספה מיוחדת ל„עולם קטן" ירחון פדגוגי בעד ההורים והמורים בשם:

# „הפדגוג"

בו יבואו מאמרים מכל מקצעות החנוך וההוראה, החדשות במקצוע החנוך, החנוך העברי ביחסו אל החנוך הכללי, כרוניקה מעולם ההוראה העברית והמורים העברים, בקרת ספרי הלמוד והקריאה לבני הנעורים, ועוד.

מחיר „הפדגוג": 3 רובל לשנה, 1,50 רובל לחצי שנה, 75 קאפ' לרבע שנה. לחותמי ה„עולם קטן" 2 רובל לשנה 1 רובל לחצי שנה 50 קאפ' לרבע שנה.

---

## חדשה לקוראנו!

הוספה חדשה ל„עולם קטן": ירחון לבני הנעורים בשם „הנעורים".

עוד לפני שלש שנים, בראשית גשתנו להוצאת ה„עולם קטן", הבטחנו להוציא שני עתונים לבני הנעורים: אחד לילדים ואחד לנערים. אבל אח"כ נוכחנו, כי כל עוד לא בראנו לנו קהל קוראים צעירים הגון — קשה יהיה להוציא את שני העתונים הנזכרים בבת אחת, ונהיה אנוסים להסתפק בעתון אחד, שהיה בעקרו לילדים ושאח"כ השתכלל ויהי לעתון מיוחד לילדים ועתה הננו שמחים להודיע, כי אחרי שנתחבב ה„עולם קטן" על קוראנו ומצבו התבסס יותר — הגיעה השעה, שנוכל להגשים את רעיוננו מכבר ולמלא את אשר הבטחנו בשלמות.

והננו נגשים עתה להוציא בתור הוספה שניה ל„עולם קטן" ירחון מצויר לבני הנעורים, בשם:

# „הנעורים"

בו יבואו: שירים, ספורים, ספרי-מסע, תולדות אנשי שם, מאמרי מדע פופולריים, ידיעות ומקרי הימים, עם תמונות וציורים שונים. השפה תהיה נוחה והמלים הקשות תהיינה מנקדות, ובמקום הצרך גם מבארות.

**החוברת הראשונה כבר יצאה מתחת מכבש הדפוס.**

מחירו: לשנה 3 ר', לחצי שנה 1,50 ר', לרבע שנה 75 ק'. לחותמי ה„עולם קטן": לשנה 2 רובל, לחצי שנה 1 רובל, לרבע שנה 50 קאפ'.

האדריסה

ברוסיה: Издательство „ТУШІЯ" Варшава.

בשאר ארצות:

Administration „Olam Katan", Krakau, Sebastyang. 32.


הוספה חדשה ל„עולם קטן": ירחון לבני הנעורים בשם „הנעורים".






## הויז-דרוקערייא

מיט מיינע טיפען-דרוקעריי גארניטורען אין אלען שפראכען אויך העברייאיש קאן יעדערמאן זעלבסט דרוקען אלעס וואס ער האבען וויל:

צוא בעציען אויס דער איינציגער פאבריק אין גאנץ רוססלאנד "ПОБѢДА" передвижн. буквъ

И. А. ЛЕВИНСОНА

въ ОДЕССѢ, Пушкинская, уг. Полицейск. ул., 16
und in WIEN, Adlergasse 12.

| | | | |
|---|---|---|---|
| גארניטור № 60 | מיט 100 | בוכשטאבען | 1 רו"ב |
| " 62 | " 200 | " | 2.— |
| " 63 | " 335 | " | 3.— |
| גארניטור № 65 | מיט 540 | בוכשטאבען | 4.50 |
| " 66 | " 780 | " | 6.— |
| " 67 | " 1160 | " | 10.— |

מיינע פאב' קען פערפערטיגען אויך שטעמפעל אונד זיעגעל גומפאס בעסטען מאטעריאל פרייזקוראנטע ווערדען פערזענדעט נאך ערהאלט איינער פאסטמארקע 7 קאפ.

אגענטען ווערדען איבעראל געזוכט

---

## לעזט און הערט דעם אמת!!



אלע אנאנסירטע ברוכבענדער מיט עלעקטריע היילען נישט אויס קיין שום ברוך. דאס גוטיגקייט פון איינען ברוכבאנד איז נור ער זאל פעסט איינהאלטען דעם ברוך און נישט דריקען דעם קערפער.

זאלכע פערפערטיגט אין אייגענער פאבריק וועלכע איז בעהערט געווארען מיט מעדאילע פון דער דאקטארסקע אויסשטעלונג

**Д. Мошковскій, Варшава**

Налевки № 37

(13ה) 50—35

---



הערען און דאמען בעמערקט אייך דאס געזעלשאפט

## „ВОЛГА"



איןווארשא!

פיר **6** רובל מיט **50** קאפ' פראנק און אהן האנדגעלד אויף א נאכנאהמע שיקען מיר ארויס **8** נייטיגע זאכען פאר יעדען מענש:

1) א מענער-זייגער פון ריינעם אמעריקאנישען שטאל, אהן א שליסעל, אפענע, מיט א פעסטען מעכאניזם און א גוטען גאנג, אבגעצויגענע אויף א מינוט מיט א גאראנטיע אויף 6 יאהר; 2) א עלעגאנטע קייט צו דעם פון מעטאל אדער אמעריקאנער טאלמע גאלד; 3) א ברעלאק אדער א מגן-דוד; 4) א גאלדענעם פינגערל 56-ער פראבע פאר דאמען אדער הערען מיט א שטיין; 5) א לעדערנעם פארטמאנע פון איין שטיק מיט 6 אבטהיילונגען מיט א מעכאנישען שלאס, וועלכער ענטהאלט א קויטשוק-שטעמפעל מיט דעם נאמען און פאמילע פון דעם בעשטעלער; 6) א עלעגאנטען מעטאלענעם פארט-פאפיראס — אויטאמאט מיט א סעקרעט, אויף פערלאנג קאן ער אויסגעביטען ווערען אויף א לעדערנעם אדער א דאמען-טייסטער פון דראט; 7) א עלעגאנטען אויסלענדישען מעסערל „זאלינגען" אדער א ראזיר-מעסער; 8) א בערשטל מיט א שפיגעלע, דאמען-אוהר מיט א רובל טייערער, צוגע-מאכטע מענער- אדער דאמען-אוהרען אויך אויף איין רובל טייערער.

פערשיעדענע קופאנען פון פירמען ווערען אנגענומען צו 50 קאפ' פון יעדער בעשטעלונג. עס ווערען אויך אנגענומען אלער האנד בעשטעלונגען אויף גאלד, זילבער און גאלאנטעריע-וואארען. הויפטזעכליך בעמיהט זיך דאס געזעלשאפט פינקטליך שנעל און רעיעל צו בעהאנדלען. (4—2) 263

אדרעסירען: **Товарищество „ВОЛГА", Варшава.**

---

## „הדגל"

בעד אחינו הקוראים ברוסיה

**מחירו: 5 רו"כ לשנה, לחצי שנה: 2.50 רו"כ.**

לשלוח בשטרי רוסיה או במרקאות הפוסתה בנות 10 קאפ'.

**האדריסה לבית המערכת:**

»HADEGEL« 6 TENTER str. north, LONDON, E.

ברוסיה לחתום אצל:

J. Kahanowitz, 38 Nalewki. in WARSCHAU.
Buchhandlung Leizer Tikocinski in Bialystock. Gouw. Grodno.

**הנחה לרבנים ובתי מקרא לציונים, רק 3 רו"כ לשנה.**
**השנה מתחלת בירח אב. כסף החתימה בעד כל השנה למפרע.**

Nr. 46. **Jüdische Volks-Zeitung** צווייטער יאהרגאנג.

אבאנאמענטס־פרייז:
עסטרייך־אונגארן: יעהרליך 10 קראנען, האלב־יעהרליך . . . . . 5 „ פיערטעל־יעהרליך . . . 2.50 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 9 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר. 8 שילינג 8 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 11 פראנק.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם": יעהרליך 12.50 קראנען; 11.25 מארק; 11 שילינג; 14 פראנק. האלביעהרליך 7.50 קראנען; 6.75 מארק 6.60 שילינג; 8.40 פראנק; פירטעליעהרליך 3.75 קראנען; 3.40 מארק; 3.30 שילינג; 7.29 פראנק.
ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ. 40 העלער.

# יודישע פאלקס־צייטונג

א וואכען־בלאט פאר אלע יודישע אינטערעסען.

אבאנאמענטס־פרייז פאר רוסלאנד:
יעהרליך 4 רובל, האלב־יעהרליך 2 רובל פיערטעל־יעהרליך 1 רובל.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם": יעהרליך 5 רובל; האלב־יעהרליך 3 רובל, פיערטעל־יעהרליך 1.50 רובל. יעהרליכע אבאנענטען קענען די 5 ר' אויסצאהלען אין ראטען: ביים אויסשרייבען 2 רובל, דעם 1־טען אפריל 1 רובל, 1־טען יולי 1 רובל און דעם 1־טען אקטאבער די לעצטע ראטע 1 רובל.
איינצעלנע נומערן 8 קאפ. 20 העלער.

פרייז פאר מודעות (אנציינען):
פאר יעדער קליינע שורה פעטיט 15 קאפ. 30 העלער, 40 פעניג.
אויף די ערשטע זייטע פאר דעם טעקסט 60 קאפ. 60 העלער, 80 פעניג.

די אדרעסע פאר עסטרייך־אונגארן און אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Volks-Zeitung"
Krakau, Sebastyangasse 32.

די אדרעסע פאר רוסלאנד:
Издательство „Тушія" Варшава
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ"
מינדליך: נאוואליפקי 7, וואהנונג 9.

כ"א חשון תרס"ד. Nr. 46. 11 November 1903.

## בריף פון ענגלאנד.

די מזרח־אפריקאנישע צייטונגען פון דער צייט נאך דעם קאנגרעס, וואס קומען ערשט איצט אן אהער, זענען זעהר אינטערעסאנט און לאזען ניט איינשלאפען די אינטערעסע פאר דעם אוגאנדא־פלאן, וואס וואלט אהן דעם אפשר זיך שוין אבגעקיהלט און צו געגעסען. אין איינעם פון די לעצטע נומערן געפינט זיך א בעריכט איבער א פראטעסט־פארזאמלונג, וואס איז דארט אבגעהאלטען געווארען. זאנגווילס רעד זענען אלזא, ווי עס זעהט אויס, ניט מקוים געווארען. לארד דעלעמיר האט דאך אויפגעטריבען איין אספה'לע. עס קאן אפילו זיין, אז מעהר ווי די עטליכע רעדנערס און א פאר נאקעטע אדער האלב־נאקעטע נעגערקעס זענען דערביי ניט געווען; אבער איין אספה איז עס דאך, און לארד דעלעמיר קאן אויף דעם סמך שרייען און בעווייזען, אז דער אפריקאנער עולם וויל אונז ניט האבען ביי זיך. — די פארזאמלונג איז געווען דעם 29־טען אויגוסט אין נאיראבי אין דעם אינסטיטוט פון דער אוגאנדא־באהן. פרעזידירט האט ד"ר עטקינסאן; גערעדט האבען: דער פרעזידענט, א גלח בעננעט, ט. וואוד, י. וואוד, מעק לעללאן ווילסאן, ניוטאן ווילסאן, וואטשמען און ווארד. דער פרעזידענט זאגט, אז נאך דער דעפעשע זעהט אויס, אז מען וויל געבען די יודען דאס שטיק לאנד צווישען נאיראבי און מא. אויב אזוי בלייבט פאר די איינענע איינוואהנער כמעט ווי גאר ניט. ווען די רעגירונג זארגט אזוי פאר דאס לאנד און וויל עס וואס גיכער בעזעצען, פארוואס ברויכט זי ניט דאצו קיינע ענגלענדער, וואס וואלטען גערן אהין געגאנגען און נעמט דערפאר פרעמדע קבצנים (Alien paupers). יודען מאכען זיך אומעטום פארהאסט און וועלען א ודאי דא אויך אנטון די גרעסטע צרות. אין דעמזעלבען נוסח האבען גערעדט ניוטאן־ווילסאן, ווארד און דער גלח בעננעט, וואס ערקלערט נאך וואס איז ציוניזם, אז דאס איז א בעוועגונג, וואס וויל ברענגען קיין פאלעסטינא די „מאקעדאנישע יודען" (!), וואס זענען דער נידריגסטער סארט מענשען, וואס גיבט נאר אויף דער וועלט. דער געלעהרטער גלח האט זיינע ידיעות בלי ספק פון די צייטונגען געשעפט און מיינט דורך איין ערוב פרשיות, אז די טערקישע רעגירונג פארפאלגט די מאקעדאניער וואס זיי זענען שלעכטע יודען. — וואוד און וואטשמען לויבען די פרוכטבארקייט פון דעם לאנד און בעדויערען וואס דאס לאנד דארף אריינפאלען ניט אין די הענט פון אגריקולטוריסטען, נאר פון יודען, וואס זענען הויזירערס און קליינע קרעמער. ווען עס איז שוין טאקי אזוי נייטיג צו גרינדען דא א יודישע קאלאניע, טא פאר וואס זאל מען זיי אויסקלויבען דאס שענסטע שטיק לאנד, וואס איז נאר פאראן. — מעק לעללאן־ווילסאן זאגט, אז ער האט געארבעט א יאהר אין ניו־יארק צווישען די יודישע ארבייטער־קלאסע און איז 18 יאהר ארומגעפאהרען אין דער וועלט, ער ווייסט פון ערפאהרונג, אז דער ארימער יודישער קלאס זענען די ערגסטע מענשען, וואס קאן נאר געבען. זיי וועלען זיך קיינמאל ניט פאראייניגען מיט די איינוואהנער, נאר זיי וועלען זיי נאך פארדארבען דורך זייער פארדארבענהייט. ער איז אפילו פריי פון פאנאטיזמוס און איהם איז קיין חלוק ניט וועלכע הויט־פארב א מענש האט, אבער ער וואלט וועלען, אז עס זאלען קומען אהער מענשען מיט קענטנים און ענערגיע, ער ווייסט אבער אלעם פון ערפאהרונג, אז יודען פעהלט דאס. — י. וואוד איז זיכער אז די יודען וועלען דא ניט זיין קיין בויערען, נאר זיי וועלען זיך בעשעפטיגען מיט האנדעל און וועלען דורכדעם די גרעסטע צרות דא אנטון. למשל, אויף זיין פעלד ארבייטען 250 שווארצע; ווען זיי וויסען אז עס איז דא עמיצער וואס מען קאן מיט איהם מאכען האנדעל, קויפען און פארקויפען, וואלטען זיי דאך איהם אזוי פיעל בעגנב'עט אז עס וואלט קיין האר ניט געבליבען אויף זיינע פעלדער, הײנט פון וואנען וואלט ער געלעבט? די שמועסען פון די דאזיגער לייט בעווייזען, אויף וועלכען אופן זיי בעל־הבית'עווען און ווי זיי פיהלען בטבע, אז מיט דעם קומען פון די יודען אהין, וועט געמאכט ווערען א סוף צו זייער עקספלואטאציע. א רעזאלוציע איז בעשלאסען געווארען, אז

"די פארזאמלונג פראטעסטירט שטארק געגען דעם פארשלאג צו בעזעצען פרעמדע יודען צווישען זיי און איז גרייט צו קעמפפען מיט אלע מיטלען, וואס שטעהען אין זייערע כחות." דיעזע רעזאלוציע איז דעפעשיערט געווארען צו טשעמבערליין און צום קאמישינאנער סער טשארלז עליאט מיט דער ביטע דאס מודיע צו זיין דעם מיניסטעריום דעם אייסערן. א דאנק איז איינשטימיג אויסגעדרוקט געווארען צו לארד דעלעמיר, וועלכער איז געוועהלט געווארען אלס פרעזידענט פון דעם קאמיטע, צו צעשטערען דעם פלאן און וואס בעשטעהט אויסער איהם נאך פון דעם גלח בעננעט און ט. וואוד. א זאמלונג צו דעקען אלע הוצאות, ווי דעפעשען א. ז. וו. האט געמאכט 162 רופיעס (לערך 157 רובל). — זונטאג, דעם 6־טען סעפטעמבער האט אויך דער בישאף פון מאמבעזא אין זיין דרשה בעריהרט די פראגע. ער האט אפילו געראטען דעם עולם ניט זיין אזוי עגאאיסטיש. אבער ער געפינט, אז עס וואלט דאך געוועזן בעסער, אז מען זאל די ציוניסטען איין אנדער לאנד ביי דער באהן געבען. — דער גראס גרונד בעזיצער לארד דעלעמיר און זיין חברה שיינען אויג געווארפען צו האבען אויף יענעם שטיק לאנד, גאט ווייסט צו וועלכע מאוסע עקספלואטאציאנס צוועקען, און קאנען ניט רוהען, וואס מען וויל דאס זיי פון די הענט ארויס רייסען.

אינטערעסאנט איז די שטעלונג צו דער פארזאמלונג פון דער East Africa and Uganda Mail, די צייטונג, וואס איך האב אין מיין פריהערן בריף ציטיערט. איך וויל בקצור איבערזעצען דעם ארטיקעל «The Dog in The Manger»: "מיר געדענקען אלע די אלטע פאבעל פון דעם הונט וואס ליגט אויף א בארג פון גוטע היי און וואס לאזט ניט צו דעם אקס צו עסען דערפון, חאטשע ער אליין קאן דאס ניט געניסען. דער זעלבער גייסט הערשט איצט אין נאיראבי, ווי דער דארטיגער מיטינג געגען יודען בעוויזט, די קולות: "הענגט איהם! הענגט איהם!" זענען א פנים נאך ניט ארויס פון דער מאדע. אבער מיט וואס האבען יודען אזוי פארזינדיגט, אז זיי זאלען ניט קענען האבען א טייל פון דעם וואס מיר האבען צופיעל? אומעטום ווייזט זיך דער יוד אלס ליב־האבער פון דער געזעץ און ארדנונג און אין די ציוויליזירטע לענדער פון איירופא און אמעריקא נעמט ער איין די גרעסטע שטעלען אין דער רעגירונג. זייט מזרח־אפריקא האט אויפגעעפענט איהר לאנד, האט זיך דען ווער פון אונזערע ענגלישע מיליאנערען געמעלדעט א הער צו פערהעלפען דעם לאנד, אז עס זאל זיך קענען אויפבויען? די עטליכע קאלאניסטען וואס ארום נאיראבי זענען אודאי דערצו ניט פעהיג. קענען זיי שטעדט גרינדען ארום דער באהן, וואס האט אזוי פיעל אבגעקאסט? אפילו אין הונדערט יאהר אויך ניט! פאר וואס זאל אונזער לאנד פארפוילט ווערען ווי יענער היי, ווייל זיי קענען דאס אליין ניט בייסען? דורך רייכטום, דורך קאמערציעלע ערפאהרונג פון יאהרהונדערטע וועלען די יודען גיך ענטוויקלען פאבריקען און האנדעל. אמת זיי בעקומען דערפאר א פאר הונדערט מייל, אבער אונז בלייבען דאך נאך טויזענטער פון מיילען, היינט מא וואס זענען די קולות? עס איז נאך דא ביי אונז גענוג לאנד, וואס איז נאך בעסער ווי די וואס מען וויל געבען די יודען. איצט איז גאר שווער צוצוקומען צו זיי, אבער דורך די שנעלע ענטוויקלונג פון די יודען וועלען ווערען באהנען און גוטע וועגען, וואס וועלען די מכשולים גאנץ בעזייטיגען. ווי קענען אונז די יודען שאדען? זיי קומען אהער ווי זייערע עלטערן פון כשדים צו אויפבויען א ציוויליזאציע דארט ווי מיר האבען דאס ניט געקאנט טון. די יודען נעמען דאך גאר א קליין שטיקל פון אונז; עס איז ווירקליך נאריש צו זיין געגען דעם. מען טאר ניט זיין אזוי עגאאיסטיש און מקנא זיין די וואס זוכען א היים, ווייל זיי האבען ניט קיין לאנד. די יודען האבען זיך אומעטום אין אפריקא בעוויזען אלס א ברכה; פאר וואס זאלען זיי דא זיין א קללה? פון דעם שטאנדפונקט פון קריסטענטום, פילאנטראפיע און האנדעל מוזען מיר די יודען מיט פרייד אויפנעמען.

---

אויף טשעמבערליינ׳ס ארט איז געוועהלט געווארען צום מיניס־

---

# פעליעטאן.

## נאך דער חלוקה.

(א מעשה פון די רויטע יודלעך)

ארויסגעגעבען

פון

### שלום־עליכם.

---

(ענדע).

ו.

אריינגעקומען צו מאיר בעל מת האב איך איהם געטראפען גאנץ שיין זיצען אויף א בענקל מיט א שטיוועל אויף די קניהעס און מיט א נאדעל־פאדעם אין האנט, די גרויסע גרויע בארד האט ער צעלאזט און דער ברייטער שטערן האט איהם געשוויצט.

— וואס טוט איהר דאס, רב מאיר? — פרעג איך איהם.

— וואס זאל איך טהון? — מאכט ער מיט א זיפץ — איהר זעהט דאך וואס איך טהו, אז אך און וועה איז מיר! שיין אזוי? הא? זיך דערלעבט? נו וואס האט איהר נעפועל'ט מיט אייער אויפטהו? מיט אייער "חלוקה"? היינט איז אייך בעסער ווי פריהער? זאגט, שעמט זיך ניט! איא איהר שווייגט?

און ער לייגט אוועק אויף א ווייל די ארבייט און קוקט מיר גלייך אין פנים אריין. איך שווייג ווארום איך האב נישט וואס צו זאגען.

— וואס וועט זיין פון דעם דער תכלית וואלט איך וועלען וויסען? — מאכט ער צו מיר ווייטער און נעמט זיך צו דער ארבייט — אז מע קאן קיין זאך נישט קריגען פאר געלד, היינט צו וועלכע שווארצע יאהר טויג אייך דאס געלד? איך האב מורא מע זאל ניט אנהויבען זיך עסען איינס דאס אנדערע לעבעדינערהייד.

— וואס זשע איז די עצה, רב מאיר? אדרבה, איהר זענט דאך עפיס א יוד איין אויפגעקלערטער, ווי זאגט ער, א חקרן און א פילאזאף, גיט איין עצה!

— איין עצה זאגט איהר? דערצו איז פארהאן נאר איין עצה.

— דהיינו?

— דהיינו, ס'זאל זיין אזוי ווי ס'איז געוועזן ביז אהער.

— ווידער, זאג איך, קבצנים און ווידער נגידים? איינעם גאר, דעם אנדערען גאר ניט? ס'איז טאקי א יושר?

— עס קאן אבער אנדערש ניט זיין, מאכט ער און טוט זיך זיין

טער פאר קאלאניען לארד לייטעלטאן, וואס איז פון דער פרעמדען קאמיסיע שוין בעקאנט אלס א גרויסער אוהב ישראל.

אין בריטאן איז מיסטער מארקס, איין אכט און צוואנציג יעהריגער יודישער אדוואקאט אויסגעקליבען געווארען אלס בירגערמייסטער.

קאלאנעל גאלדסמיד איז 57 יאהר אלט געווארען און אין אמטסטאווקע געטרעטען, נאכדעם אז ער איז געווען איינגעלאדען אין באלמאראל ביי דעם קעניג און האט בעקומען דעם וויקטאריא־ארדען. די לעבענסגעשיכטע פון גאלדסמיד איז העכסט אינטערעסאנט און בעווייזט ווי שטארק עס איז די לעבענסקראפט פון אונזער פאלק. ער איז געבוירען געווארען דעם 6־טען אקטאבער 1846 אין באמביי אין אינדיען, וואו זיין פאטער סער העגרי עדוואַרד איז געווען סעקרעטער פון דער פרעזידענטשאפט. זיינע עלטערן האבען זיך געשמד'ט און האבען אויך זייער זוהן יוליאן באלד נאך זיין געבורט געטויפט. ערשט צו 14 יאהר האט ער זיך דערוואוסט פון דער מעשה און האט באלד ביי זיך בעשלאסען צו ווערען צוריק א יוד. אז ער איז געווארען זעלבסשטענדיג האט ער דאס געטאן. דער שריט איז איהם זעהר שווער אנגעקומען, ווייל ער האט זיך געווידמעט דעם מיליטער־פאלק, וואס איז אין יענע צייט געווען זעהר שווער פאר א יודען ובפרט פאר אזא יודען. 1866 האט ער געענדיגט די קריגס־אקאדעמיע אין סענדהערסט און איז איינגעטרעטען אין מיליטער־דינסט, וואו ער האט בעוויזען גרויסע פעהיגקייטען און איז אלץ העכער געשטיגען. אין דער מלחמה מיט די בורען האט ער געשפיעלט זעהר א גרויסע ראלע. ער איז געווען דער גענעראלשטאבסשעף פון דער 6־סטער דיוויזיע, דערנאך קאמאנדאנט פון אראנזשע ריווער, הערבערט און היידיסטריקט און שטעלפערטרעטער פון דעם גענעראל אינספעקטאר פון קאמוניקאציאנסוועזען. גאלדסמיד איז איינער פון די הייסעסטע יודען, וואס קאן נאר געבען. 1892 און 93 איז ער געווען גענעראלדירעקטאר פון באראן הירש'ס קאלאניען; ער איז פרעזידענט פון דעם בעריהמטען מכבעער־קלוב אין לאנדאן און דער גרינדער פון דער Jewish Lads Brigade, א בריגאדע פון יודישע יונגלעך, וואס ער ערציעהט זיי מיליטעריש און פלאנצט זיי איין די ווארעמסטע ליבע צום יודענטום און צו אונזערע האפנונגען. אלס ציוניסט איז אונז גאלדסמיד אויך גוט בעקאנט. ער איז אויך מיט געווען אין די וואדי־על־אריש עקספעדיציע און די אונטערהאנדלונגען מיט דער רעגירונג אין מצרים, נישט קוקענדיג אויף דעם וואס ער איז געווען זעהר מיד פון דער מלחמה, פון וועלכער ער איז נאר וואס צוריקגעקומען. גאלדסמיד איז אויך געוועזען אויף דעם לעצטען קאנגרעס און האלט שטארק פון דעם מזרח־אפריקאנישען פראיעקט. זיין פרוי שטאמט פון די אנוסים, וואס האט זיך מגייר געווען. זיינע ביידער טעכטער זענען אויך ציוניסטקעס, די עלטערע איז פארהייראט מיט שמואל מאנטעגיו'ס זוהן. איצט אז ער איז פריי פון זיינע פליכטען צו זיין רעגירונג, שרייבט די „וועלט", האפען מיר, אז ער וועט מקדיש זיין זיינע גאנצע כחות זיין אייגען פאלק אין די לאנגע רייהע פון יאהרען, וואס איז איהם נאך בעשערט צו לעבען. אונזער ארים פאלק האט באמת נייטיג וואס מעהר אזוינע מענשען.

אין סטעפני, א טייל פון לאנדאן, וואס איז שטארק בעזעצט מיט רוסישע פוילישע יודען, האט א פארטיע אויפגעשטעלט א יודען, א געוויסען לייענס, אלס קאנדידאט פאר די שטאדט־ראט וואהלען. די ליבעראל־ראדיקאלע פארטיי האט אבער די קאנדידאטור מבטל געווען, ווייל, ווי זי זאגט אין איהר בריף, זי קאן ניט האפען אז א יוד זאל בשלום דורכגעהן.

מאיאר עוואנס־גארדאן און זיין חברה רוהען ניט. זיי ווייסען אפילו, אז ווען מען קלויבט אויס אין ענגלאנד אקאמיסיע שלאפט זי ניט איין, אבער זיי איז די צייט צו קורץ. מיטינגס ווערען אין לאנדאן און דער פראווינץ אבגעהאלטען און מען בעשליסט, אז די פרעמדען־קאמיסיע זאל די ענגלענדער בעשיצען פאר דער „פרעמדענגעפאהר". דעם רעזולטאט פון די געוואלטען קאן מען לייכט פארשטעהן. ווער

---

ארבייט — עס מוז אזוי זיין! כל זמן מיר ארבייטען איבער נויט, ווייל מיר ווילען עסען; כל זמן מיר הארעווען נאר צו ליב דער קישקע אליין און מיר האבען פון אונזער הארעוואניע קיין שום הנאה ניט; כל זמן הארעוואניע, ארבייט קויפט זיך און פארקויפט זיך פאר געלד, — מוז דאס אזוי זיין, ווי ס'איז געווען ביז אהער. אז דער שוסטער קומט מיר נישט העלפען פאררעכטען די שטיוועל נאר דערפאר וואס ער דארף שוין ניט מיין נעצאהלטס; אז דער בעקער ניט אייך נישט קיין בולקע נאר דערפאר וואס ער דארף שוין ניט אייער גריוונע; אז דער כלי־זמר וויל נישט קומען אייך משמח זיין אויף אייער חתונה פאר גוט פריינדשאפט אליין; אז דער מלמד וויל נישט לערנען מיט אייערע קינדער פאר ליבשאפט אליין; אז די אקושארקע וויל נישט קומען העלפען אייער געווינערין, און דער רופא וויל נישט געהן צו אייער קראנקען, און דער שמש וויל נישט באהאלטען אייער מת פאר רחמנות אליין — היינט צו וואס טוינט איהר און צו וועלכע שווארצע יאהר לעבט איהר אויף דער וועלט? וואס איז דער חלוק דעמאלט צווישען אייך און צווישען דער בהמה? א בהמה קלערט נאר וועגן איהר טרעלבויך און איהר קלערט נאר וועגען אייער טרעלבויך, א בהמה האט אין זינען נאר זיך מיט איהר פאמיניצע, און איהר האט אין זינען נאר זיך מיט אייער פאמיניצע. איהר האט נעזעהן א בהמה זאל העלפען דער אנדערער בהמה בשעת יענע דארף זיך קעלבען? איהר האט געזעהן א פערד זאל העלפען דעם אנדערען פערד אויפשטעהן בשעת יענער פערד האט זיך ספאטיקעט און איז געפאלען? איהר האט געזעהן אז א בהמה זאל זיך זארגען פאר דער וועלטס קעלבלעך? היינט זאגט מיר, איך בעט אייך, מיין ליבער יוד, וואס איז מיט אייך אזוי דער יחוס? און וואס זענט איהר געווען אזוי ברוגז, אז איך האב אייך אלעמען אנגערופען מיט'ן נאמען בהמות פערד און קעלבלעך?

און דער אלטער רב מאיר האט אוועקגעליינט דעם שטיוועל און די גרויע בארד האט זיך ביי איהם צעלאזט, און די אויגען האבען איהם געברענט און ער האט אויסגעזעהן ביי מיר עפּים גאר איין אנדער מענטש, נאר נישט דער פלאטשיגער „בעל מח" וואס ביז אהער, און איך האב איהם נישט געוואלט איבערשלאגען די רעד; מיר האט זיך געוואלט ער זאל נאך רעדען און רעדען. און ער, רוהט זיך אפ און רעדט ווייטער:

— נו? איא איהר שווייגט? ווארום איהר האט ניט וואס צו זאגען, איהר האט געמיינט, אז דערמיט וואס אלע רויטע יודלעך וועלען ווערען אויסגעגלייכט אין זייער פארמעגען וועט קומען א ישועה אויף דער וועלט? איהר האט געלעבט אין טעות: נישט אין דעם, נישט אין'ם געלד שטעקט דאס גאנצע גליק פון'ם מענשען, אונזער גליק ליגט אט א דא; (ער ווייזט מיט דער האנט אויפ'ן הארצען) און אט א דא. (ער ווייזט מיט דער האנט אויפ'ן שטערען) ווי זשע איז אבער דער דין אז

וויס וועלכע שוועריגקייטען מען וועט שפעטער לעגען אונזערע ברי־דער אין וועג.

ווי די Jewish World טיילט מיט, וועט אין גיכען ערשיינען א נײַ בוך פון זאנגוויל: Zionism: The Return to Palestine (ציוניזם: די ריקעהר קיין ארץ ישראל). מען האפט, אז זאנגוויל וועט זאגען א „נייעס ווארט" איבער דעם ציוניזם, נאמענטליך ביי דער איצטיגער לאגע און זיין שטעלונג צו אוגאנדא, און מען ווארט מיט אונגעדולד אויף דאס נייע ווערק.

איין ענגלישער יוד טראגט זיך ארום מיט דער אידעע צו גרינ־דען איניגע קליינע יודישע קאלאניעס אין דער גראפשאפט עסעקס. באדיי די פארהאסטע „פאלאקען" ביי זיך אין לאנד צו האבען, נאר ניט אין ארץ ישראל און נאר ניט צו לאזעי, אז עס זאל ווערען א יודענשטאאט.

דער יק"א־מאכער און רעליגיעזער ספארט־מענש קלאד מאנ־טעפיארע האט געעפענט אין ווייטשעפעל איין אבטיילונג פון זיין Jewish Religions Union. אט מיט וועלכע זאכען די פיהרער פון די ענגלישע יודען בעשעפטיגען זיך. פארשטעהט ער דען ניט, אז די ווייטשעפלער יודען, וואס געהערען צו די מחזיקי הדת וועלען ווייטער געהן אהין אין שוהל און די וואס ארבייטען שבת אדער בעזוכען די מיוזיק־האלס וועלען בעס'זר געהן צו די באלערינעס ווי צו זיינע דרשות און ענגלישע תפלות פון שבת נאכמיטאג?

די English Zionist Federation האט זיך אויפגעחאפט פון איהר טיעפען שלאף און האט אנגעהויבען אביסל צו ארבייטען. זי איז איצט אויף רייזען אין דער פראווינץ. בעזונדערס גרויסע מאסענמיטינגס פון טויזענטער מענשען זענען אבגעהאלטען געווארען אין ליעדז און ליווערפול, וואו כהן און גרינבערג זענען געווען די ראשי המדברים. דער אינהאלט פון זייערע דרשות איז נאטירליך די אוגאנדא־פראגע, פאר וועלכער זיי מאכען גרויסע פראפאגאנדא און וואס ווערד אומעטום גוט אויפגענומען. די פראפאגאנדא האט נאטירליך ארויסגערופען א געגענפראפאגאנדא פון די געגנערס פון דעם פראיעקט, וואס שטעהען אונטער דער פיהרונג פון בענטוויטש און ד"ר גאסטער. די געגנערס האבען אבער קיין הצלחה ניט, ווייל בענטוויטש איז צו שוואך פאר דער מלחמה און גאסטער איז וועגען זיין אויפטרעטען געגען זאנגוויל, בשעת ער האט צום ערשטען מאל אנגעגריפען די יק"א, ניט בעזונדערס בעליבט ביי דעם ציוניסטישען עולם. אגב האט ער ניט האלד צו רעדען ווען מען גיט איהם ניט די פערזיכערונג, אז ער וועט האבען ששים רבוא צוהערערס און אזוי ווי קיינער נעמט זיך ניט אונטער דאס צו טון, בעגניגט ער זיך מיט איין ארטיקעל־מלחמה אין „אסט און וועסט".

אין העקניע. א יודישער שטאדט־טייל אין לאנדאן, איז אויס־געבראכען א שרפה, ביי וועלכער עס זענען אומגעקומען 2 יודישע נפשות, א מאן מיט א פרוי, וואס האבען איבערגעלאזט 6 עלענדע יתומים.

די מיסיאנערען האבען די טעג דא אבגעהאלטען א גרויסען קאנגרעס. (די לאנדאנער מיסיאנערען זענען אנשטענדיגער פון די ניו־יארקער, זיי נארען ניט אריין קינדער; זיי האלטען נאר דרשות, קורסען, האבען גוטע לעזעהאלען וכדומה. וויל מען אין לאנדאן לייענען א העברעאישע צייטונג איז ניטא קיין אנדער ארט ווי ביי די מיסיאנערען. עס איז דא אפילו פאראן אויך א ציוניסטישע ביב־ליאטעק, זי ווערד אבער נאר אויסגעהאלטען פון איין ארימען פעראיין און האט דערפאר ניט די מיטעל צו האבען פרישע צייטונגען; מוז זי שנארען די נומערען פון די היעזיגע רעדאקציעס נאכדעם ווי זיי האבען שוין ארויסגעשניטען און ארויסגעריסען אלעס נייטיגע. דער פעראיין הייסט „הערצל־נארדוי קולטור פעראיין" און אזוי ווי קולטור איז אמאל געווען זעהר טרפה, האבען זיי זיך געמאכט אונבעליבט ביי די אנדערע ציוניסטען עד היום הזה). אויף דעם קאנגרעס זענען געווען די גרעסטע ענגלישע טעאלאגען און מיסיאנערען־פיהרער פון דער וועלט. פרעזידירט האט דער בישאף

---

דא (ער ווייזט מיט'ן פינגער אויפ'ן שטערען) איז ביי אונז פארהאן ווינציגליך, און אט אדא (ער בעווייזט מיט'ן פינגער אויפ'ן הארצען) נאך ווינציגער, וועט אונז אט דאס (ער בעווייזט מיט דער האנט אויף דער קעשעני) נישט העלפען גאר נישט; אדרבה, עס וועט אונז נאך אסך אסך קאלי מאכען! ס'איז נאך, פארשטעהט איהר מיך, צו פריה, אז מיר זאלען פארשטעהן, אז מיר זענען באשאפען געווארען נישט נאר צוליב דעם טרעלבויך און נישט צוליב דער פאמעניצע אליין, אז מיר דארפען איינער צום אנדערען נישט צוליב געלד, און העלפען איינס דאס אנדערע נישט פאר געצאהלטס נאר מצד עפים אנדערש, מצד רחמנות. ניין, ס'איז נאך ניט געקומען די צייט; עס דארף נאך לאנג לאנג געדויערען ביז מיר אלע זאלען דאס פארשטעהן!... און ביז דער־מאלט מוז דאס זיין ווי ס'איז געווען ביז אהער; אניט איז שלעכט, ביטער, ביטער ווי דער טויט, עס וועט זיך גיסען בלוט אין די גאסען; אט וועט איהר זעהן, פארשרייבט מיינע ווערטער!

פלוצלינג הערען מיר א רעש, א געשריי פון דרויסען: דער אל־טער לייגט אוועק די ארבייט און מיר לויפען ארויס ביידע אויף דער גאס זעהן וואס טוט זיך דארטען.

ז.

דאס וואס מיר האבען דערזעהן אין דרויסען לאזט זיך ניט באשרייבען. אין מיטען גאס איז געשטאנען איין אלטע פרוי מיט א פולען קאשעק מיט בולקעס און ארום מענשען האבען זי באפאלען, רייסען ביי איהר די בולקעס פונ'ם קאשעק און זי לאזט ניט, בארעט זיך און שרייט:

— טשעפעט זיך אפ! לאזט מיך! ס'איז ניט אויף צו פארקויפען! איך פארקויף ניט!

— איהר פארקויפט ניט? גיט אונז אזוי!

— ניט פון אייערטוועגען אפגעבאקען! פון מיינע קינדערס וועגען! לאזט מיך! ראטעוועט! קאראאול!

נאר דער עולם הערט זי ווי המן דעם גריינגער; אין עטליכע מינוט האט מען די בולקעס איהרע צענומען, זי האט מען רעכט אויסגעהרג'עט און די פרוי נעביך, א צעבלוטיגטע, וויינט און שעלט מיט טוידטע קללות, לייענט די תוכחה.

— געפעלט אייך די רויטע יודלעך, די שיינע לייט, די אויפ־געקומענע גבירים אייערע? — מאכט צו מיר מאיר בעל מח מיט א ביטער געלעכטערל — אזעלכע שטילע מענשלעך געווען תמיד, און פלוצלינג געווארען גזלנים! און איבע"ר וואס? איבער א בולקע, חא־חא־חא!

דער ווינט, וואס האט צעבלאזען די בארד זיינע אויף אלע זייטען, צעטראגט דעם געלעכטער און פון אלע גאסען זעהען מיר רויטע יודלעך לויפען אלץ אין איין זייט אריין, צום מארק, צו די יאטקעס.

— וואס איז? וואוהין לויפט מען דאס? — חאפען מיר אן איינ'ם

פון סעליסבורי. א גרויסער טייל פון די דעבאטע איז געוועזן געווידמעט דעם ציוניזם. 2 רעדען זענען געהאלטען געווארען. רעווערענד דענמאן האט בעוויזען מיט פסוקים, אז די נבואות איבער יודען וועלען מקוים ווערען און יודען וועלען צוריק בילדען א מלוכה ווי די ציוניסטען שטרעבען. רעווערענד אנאקער דאגעגען האט אויך מיט פסוקים בעוויזען פארקעהרט. דער פרעזידענט האט געהאלטען מיט דעם צווייטען. קענמאן מעק קערמיק און סיר אנדריו וויגגייט בעקעמפען דעם פרעזידענט מיט ראיות פון ברית חדשה און רעדען בעגייסטערט פון יודען און ציוניזם און פאדערען ענגלאנד אויף צו פערהעלפען די יודען, אז זיי זאלען דערגרייכען זייער ציעל לקיים מה שנאמר. עס איז אונז אפילו קיין נפקא מינה ניט, ווי די מיסיאנערען פערהאלטען זיך צום ציוניזם, עס איז אבער אינטערעסאנט צו קאנסטאטירען, אז אלע זענען אין זייערע רעדען און שריפטען פאר דעם ציוניזם, מיט אויסנאהמע פון דעם טאלענטלאזען „קול שופר", וואס געהט ארויס האלב העברייאיש האלב זשארגאן אין בריסטאל פון ד"ר מ. געלבערג.

די Anglo-Jewish Association, די ענגלישע שוועסטער פון דער אליאנס, וואס קלאד מאנטעפיארע איז איהר פרעזידענט און וואס בעזיצט 4595 אקציעס פון די 20,000 אקציעס פון דער יק"א, האט די וואך געהאט איהר יעהרליכע פערזאמלונג. דארט האט מען נאטירליך איבער ציוניזם נישט גערעדט. ווייל מען האט א גאנץ יאהר גאר נישט געטאן און אפילו קיין קאפיקע ניט געגעבען צו אונטערשטיצען אונזערע אונגליקליכע ברידער אין קישינוב און האמעל, האט מען זיך איינער דעם אנדערען שיינע קאמפלימענטען געמאכט, געגלאצט מיט די אויגען און געלויבט השי"ת, וואס מען דאט אויסגעפיהרט, אז אין די שולען פון דער אליאנס אין ירושלים סאלאניקי, סמירנא, אלכסנדריה און קאירה לערנט מען שוין ענגליש. מה בין בני לבן חמי! אזוי פיעל קנעכטשאפט אין אזא קליינינקעם פאלק!

א קארעספאנדענט פון Jewish Chronicle, האט ניט לאנג געהאט איין אונטערוויו מיט אסקאר שטרויס, דעם געוועזענעם אמעריקאנער געזאנדטען אין טערקיי. דער קארעספאנדענט האט איהם געפרעגט זיין מיינונג איבער דעם ציוניזם; שטרויס האט פון אנפאנג ניט געוואלט זאגען; אז דער קארעספאנדענט האט איהם אבער שטארק געמוטשעט, האט ער זיך אויסגעדריקט, אז ער סימפאטיזירט זעהר דאמיט און האט שטארק קריטיקירט אלע וואס זענען דאגעגען, אדער ערלויבען זיך גאר חוזק צו מאכען איבער אזא גרויסארטיגע בעוועגונג, אויס דעם גרונד, ווייל זיי לעבען אין ציוויליזירטע לענדער, וואו זיי זענען געשיצט פאר פערפאלגונגען. פארגלייכט מען די גרויסע פאליטישע טעטיגקייט פון אונזערע אמעריקאנער ברידער און זייערע געוואלטיגע פהילאנטראפיע, וואס זיי האבען בעוויזען אין דער לעצטער צייט מיט דער קליינקרעמעריי פון אונזערע יודישע ענגלענדער, קאן מען בעגרייפען זייער שטאלץ און די פעראכטונג, מיט וועלכער זיי קוקען אויף די היגע יודען. זייט דעם טויט פון ביקאנספעלד און משה מאנטעפיארע זענען די ענגלישע יודען פארפאלען אין א קלייניגקייט און א אינדיפערענטיזמוס, וואס האט גאר קיין שעור ניט. בשעת די יודישע צרות פון פאר קורצער צייט האבען געריהרט אפילו די דערשטיינערטסטע הערצער פון די מערב איירעפייאישע יודען, האבען די ענגלישע יודען אפילו מיט קיין פינגער ניט געריהרט און מען קאן זאגען, קיין פרוטה ניט געגעבען. דערפאר אבער האבען זיי קיין געלד ניט געשפארט אויף חתן תורה און חתן בראשית און אויף סעודה'ליך דערנאך, וואס קאסטען אב פארמעגענס בלי גוזמא. און די פוסטע יודיש ענגלישע פרעסע האט קיין אנדער זאך ניט צו טון ווי די חתונה־בחורים צו בעשרייבען ווי מען בעשרייבט העלדען, וואס קומען אראב פון א מלחמה פאר פרייהייט און פאטערלאנד. אט דאס איז די יודישע ערציעהונג, וואס דער רועה נאמי ד"ר אדלער גיט זיינע געמיינדען; די זאגענאנטען United Synagogue אדער ווי זיי רופען זיך אין העברייאיש „ק"ק כנסת ישראל".

---

פונ'ם מארק.

— איהר האט גאר ניט געהערט — מאכט ער צו אונז פארוואונדערט — ס'טייטש סע טוט זיך חשך, א נעשלעג, א הריגה ביי די יאטקעס! —

— א געשלעג? א הריגה? איבער וואס?

— איבער פלייש.

— איבער פלייש?

— איבער פלייש, מען איז זיך צענויפגעקומען נאך פלייש, האבען די קצבים ניט געוואלט עפענען די יאטקעס, האט איינער א בעל־הבית אויפגעשלאגען דעם שלאס און געוואלט אליין נעמען פלייש, האט איהם דער קצב געגעבען מיט א האק איבערען קאפ, איז ער, זאגט מען, געפאלען טויט, האבען זיך אנגענומען פאר איהם די איבעריגע בעלי בתים און גענומען שלאגען דעם קצב, האבען זיך ארויסגעשטעלט די איבעריגע קצבים, איז געווארען א געשלעג, א הריגה, זאל גאט שומר ומציל זיין! מע זאגט העכער צוויי מנינים מענשען זענען געהרג'עט אויף טויט.

— נו, ווער איז געוועזן גערעכט? וואס האב איך אייך געזאגט? — מאכט צו מיר רב מאיר בעל מה און מיר הויבען אן געהן גיכער, און דער געפילדער מיט'ן געשריי ווערד אלע מאל שטארקער און שרעקליכער, און איך הער אזעלכע קולות וואס כ'האב נאך קיינמאל נישט געהערט; און איך דערזעה אזעלכע סצענעס וואס איך האב קיין מאל אזעלכם ניט געזעהן. דער מארק איז פארפלייצט מיט רויטע יודלעך. אויף דער ערד ליגען אסך הרוגים, קאטשען זיך אין בלוט, צווישען זיי מיינע גוטע באקאנטע. דארט ליגט איינער א יונגערמאן אין א שיינער קאפאטע מיט א בלייך פנים'ל, איך וואלט געמעגט שווערען, אז ס'איז שמעון אלי דער שוחט. אביסל ווייטער יענער גראבער מיט'ן בייכל, וואס ביים לעבען האט ער דאס געהאלטען שטענדיג אונטערגעבונדען מיט א גארטעל, און נאך אסך באקאנטע פארשוינען. איינינע זענען שוין אין גאנצען טויט און איינינע זשיפען נאך, און בלוט, בלוט ארום און ארום! דער אלטער מיינער שטורכעט מיך מיט'ן עלענבויגען איך זאל קוקען אהינצו, ווייטער, זעהען וואס דארטען טוט זיך; ער רעדט עפיס צו מיר, נאר איך הער נישט וואס; ער ווייזט מיר עפיס און איך וויים נישט וואס; איך זעה נאר זיין ווייסע בארד ווי זי שאקעלט זיך און דער ווינט צעבלאזט איהרע לאנגע גרויע האר. פונ'ם ריח פון בלוט — מענשען בלוט, — ווערד מיר נישט גוט אויף צו חלש'ען; דאס הארץ אט אט שפרינגט דאס מיר ארויס; די פים ווערען אונטערגעהאקט, אט אט פאל איך אום . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

ח.

אז איך האב מיך אויפגעכאפט בין איך געלעגען אויף א בעטל און דאכט זיך ניט ביי זיך אין דערהיים. עפים נישט קיין קענטליך

זאנגוויל איז געוואָרען אַ חתן, די כלה איז פרײליין עדיטה ערימאַן, די טאָכטער פון דעם בעריהמטען פּראָפעסאָר אונ שרייבער איבּער עלעקטריציטעט ערימאַן. פרײליין ערימאַן האט געשריבען ערצעהלונגען פאַר אײניגע צייטונגען. איהר מוטער איז אויך אַ בעריהמטע שריפטשטעלערין אונ איז די יודין, וואָס דזשארדזש עליאָט האט גענומען פאַר אַ מאָדעל צו איהר טיפּ מירא, אין דעם ראָמאַן דניאל דעראָנדא.

י. מ. זאלקינד.

## ציון אונ מזרח־אפריקא.

„די וועלט" האט אין נומער 44 אָבּגעדרוקט אַ בריף פון ה' אוסישקין צו די דעלעגירטע פון 6-טען קאנגרעס אונ איין אנטוואָרט דערויף פון דעם ד"ר הערצל. מיר ברענגען דא בּיידע.

### אוסישקינ'ס בּריף

**צו די דעלעגירטע פון דעם 6-טען ציוניסטען-קאנגרעס.**

מיינע אַרבּייט אין ארץ־ישראל האט מיך געהינדערט צו נעמען איין אנטייל אין דעם 6־טען קאנגרעס. איבּער מיינע אַרבּייט אויף די הרי יהודה וועל איך געבּען אַ בּעריכט דעם קאָמיטע פון וויען אונ פון אָדעסא. דא וויל איך נאר ערקלערען, אַז קומענדיג צוריק אַהיים האב איך זיך דערוואוסט, אַז מען האט מיך אויסגעקליבּען אלס מיטגליד צו דעם ציוניסטישען אַקציאָנס-קאָמיטע. עס פאַרשטעהט זיך, אַז איך האַלט פאַר מיין חוב צו אַרבּייטען מיט אַלע כחות פאַר די אויפּלעבּונג פון אונזער פאָלק, אַזוי ווי דער קאנגרעס האט בּעשלאָסען אונ ווי דער אויסגעקליבּענער אַקציאָנס-קאָמיטע וועט בּעשליסען. — אָבּער בּנוגע צו דעם הויפּטבּעשלוס פון קאנגרעס — אַז מען שיקט איין עקספּעדיציע אין מזרח-אפריקא — האַלט איך, אַז דער דאזיגער בעשלוס האט נישט בּכח מיך דערצו צו צווינגען. איך בּין געגען דעם בּעשלוס אונ איך וועל מיט אַלע מיינע כחות אַרבּייטען, אַז דער בּעשלוס זאָל נישט אויסגעפיהרט ווערען. — די רוב דעות פון קאנגרעס קאָנען נאר בּעשליסען וועגען עפּיס איין אַרבּייט, אָבּער נישט אין דעם יסוד פון דעם אידעאַל. אונ אַזוי גוט ווי קיין רוב דעות אין דער וועלט קאָן מיך נישט אָבּרייסען פון דעם יודישען גלויבּען אונ פון דער יודישער תורה, אַזוי קאָן מיך נישט די רוב דעות פון קאנגרעס אין דעם צאָהל צר"ה (295) אָבּרייסען פון ארץ ישראל; דען נאר די דאזיגע, וואָס זענען פון דער דיפּלאָמאַטיע אונ פּאָליטיק פאַרבּלענדעט, האָבּען עס נישט בּעמערקט, אַז דער בּעש־וס צו שיקען איין עקספּעדיציע אין איין אַנדער לאַנד, הייסט אַז מען זאָגט זיך אָב פון ארץ־ישראל. וועגען מיינע אַרבּייט אין דער דאזיגער פראַגע וועט מען אין קורצען זיך דערוויסען.

יעקאַטערינאָסלאַוו, כ"ה תשרי. אוסישקין.

איך בּעט די ציוניסטישע צייטונגען אין אַלע שפּראַכען אונ לענדער איבּערצודרוקען מיין בּריף.

### איין ענטפער

**פון ד"ר הערצל.**

הער אוסישקין אויס יעקאַטערינאָסלאַוו בּעט זעהר מען זאָל זיין בּריף אָבּדרוקען, ער זאָל אָבּער בּאַלד אויך איין ענטפער בּעקומען.

דער קאנגרעס, וועלכער האט דעם ה' אוסישקין אויסגעקליבּען אַלס אַ מיטגליד פון די 45 חברים פון אַקציאָנס-קאָמיטע, פאַרלאַנגט פון איהם, ווי פון אַלע אַנדערע מיטגלידער פון אַקציאָנס-קאָמיטע, אַז צוזאַמען מיט די זכיות, וואָס ער נעמט אָן מיט זיין שטעלע אַלס מיטגליד, זאָל ער אויך אַרויפנעמען אויף זיך די חובות, וואָס די דאזיגע שטעלע פאָדערט פון איהם. דערצו איז פריהער פאַר אַלץ נייטיג ער זאָל זיך בּעטראַכטען אַלס חבר פון דעם „קאָלעגיום" אונ נישט אַלס אַיזעלכער, וואָס שטעהט אויסער אָדער העכער פאַר דעם אַקציאָנס-קאָמיטע. אין קאָמיטע קאָן ער מלחמה האַלטען פאַר זיינע מיינונגען אונ מוז פאָלגען די רוב דעות, ווי מיר אַלע אָהן איין אונטערשיד

---

אָרט אונ נישט קיין קענטליכע פאַרשוינען דרעהען זיך אַרום מיר; אַלע געהען אָנגעטאָן אין ווייסען, ווי אין תכריכים, מיט ווייסע ספּאָדקעס אויף די קעפּ. „מתים"! פליהט מיר דורך אַ מחשבה אין קאָפּ אונ איך וויל זעהר וויסען, וואו בּין איך אין דער וועלט? צי איך לעבּ צי איך בּין געשטאָרבּען? איך הויבּ אויף דעם קאָפּ, קוק מיך אַרום אויף אַלע זייטען, איך טאַפּ מיך בּיי מיין לייבּ — איך האָבּ נאָך אַלע חושים, אַ סימן אַז איך בּין נאָך נישט געשטאָרבּען, איך לעבּ, אונ אַ מאָדנע וואַרעמקייט פיהל איך צעגיסט זיך איבּער מיין גאַנצען „איך". נאר וואו בּין איך אונ ווי קום איך אַהער אונ וואָס איז מיט מיר — דאָס קאָן איך נים פאַרשטעהן בּשום אופן. איינער פון די פאַרשוינען אָנגעטאָן אין ווייסען מיט אַ ווייסען ספּאָדיק, דערזעהט אַז איך ריהר זיך, געהט ער צו צו מיר אונ בּייגט זיך אָן איבּער מיין געלעגער.

— וואו בּין איך? — פרעג איך איהם.

— ששש... — מאַכט ער צו מיר — דער דאָקטאָר הייסט נים רעדען.

— וועהר זענט איהר? — פרעג איך איהם ווייטער.

ששש... — איך בּין אַ פעלדשער — דער דאָקטאָר האט אָנגעזאָגט, איהר זאָלט ליגען רוהיג, נים רעדען אַ וואָרט.

ער געהט אַוועק אונ לאָזט מיך איבּער אַליין. איך בּרעך מיר דעם מח, איך וויל מיך דערמאָנען ווי אַרום איך קום אַהער? וואָס איז געווען פריהער מיט מיר? — אונ קאָן בּשום אופן נישט דערמאָנען זיך, איך קאָן זיך אַפילו נישט דערמאָנען ווער בּין איך? איך האָבּ דאָס לחלוטין פאַרגעסען! פאַרגעסען ווער איך בּין אונ וואָס איך בּין אונ ווי אַזוי מע רופט מיך. איך פיהל מיך עפּיס ווי נייגעבּוירען; אַט אַזוי בּעדאַרף זיך פיהלען אַקינד בּשעת עס ווערד געבּוירען אויף דער וועלט. עס געהען צו צו מיר אַלע מאָל נייע פאַרשוינען, בּייגען זיך אָן איבּער מיר, האַלטען מיך בּיים דפק, קוקען מיר אין די אויגען אַריין. מע גיסט מיר אַלע מאָל מיט אַ לעפעל אין מויל אַריין עפּיס פריקרע זיסע אונ בּיטערע זאַכען. בּיסלעכווייז פיהל איך ווי עס קומען מיר צו אַלע מאָל פרישע כחות אונ די קאָפּ ווערד מיר וואָס ווייטער לויטערער אונ לויטערער. איך הויבּ מיך אָן בּיסלעכווייז דערמאָנען ווער איך בּין אונ פון וואַנען אונ ווי אַזוי איך הייס, אונ איך הויבּ אָן צו פאַרשטעהען — אַז איך בּין נישט אין דערהיים, אַז איך בּין ערגעץ אין דער פרעמד, אפשר אין שפּיטאל... איך בּעט מע זאָל מיר שיקען אַהערצו מיין ווייבּ, מיינע קינדער, ענטפערט מען מיר אַז ניין, מע טאָר נאָך נישט, דער דאָקטאָר הייסט נישט. עס געהט אַוועק אַזוי עטליכע טעג מיט עטליכע נעכט. איך האָבּ קוים געפּועל'ט בּיים דאָקטאָר, ער זאָל אויף מיר רחמנות האָבּען, אַריינלאָזען אַהערצו האָטש אויף צוויי מינוט מיין ווייבּ מיט מיינע קינדער. קוים געפּועל'ט בּיי איהם, נאָר מיט אַ תּנאי איך זאָל מיט איהר פון קיין שום זאַך נישט רעדען, מיין ווייבּ קומט אַריין צו מיר מיט טרערען אויף די אויגען;

טוען עס. וויל ער אבער נישט פאלגען, וואס דער קאמיטע הייסט אונ וויל זיך גען אין זיין אייגען וועג פאר זיך, וועט איהם קיינער אין דעם נישט שטערען; אבער אויף דעם אופן מוז ער זיך אבזאגען פון זיין שטעלע אלס חבר פון גרויסען אקציאנס-קאמיטע. העד אוסישקין האט שטענדיג פארשטאנען צו בעשיצען זיינע אידעען אונ האט עס תמיד געטאן מיט גרויס התלהבות, סיי עס האט זיך געהאנדעלט וועגען א באנק-פיליאלע אין רוסלאנד אונ סיי וועגען עפים אנדערש.

די תקיפות, מיט וועלכע ה' אוסישקין טרעט ארויס, איז ביי מיר נישט קיין נייעס, אונ אויב איך וויל היינטיגעס מאל זיין אויפטרעטען צוריקשטויסען, טו איך עס נאר מחמת דעם וואס פון פיעל זייטען וויל מען ברענגען א מהומה אונ א פארדרעהעניש אין אונזער בעוועגונג. איך וויל פון אוסישקינ׳ם כבוד וועגען נישט גלויבען, אז ער שטעלט זיך גאר נישט פאר וועמען ער וויל א טובה טון דערמיט וואס ער גרייפט אן אויף אונזער פיהרונג. עס האבען שוין געמיינט א סך פון די, וואס האבען אונז קיינמאל אין אונזער ארבייט נישט געהאלפען, אדער וואס זענען איבער אייגענע פניות אונ פריוואט-אינטערעסען אוועק פון אונז, אז עס איז שוין געקומען דער מאמענט צו קומען נאך ירושה, ווייל איך אונ מיינע גוטע פריינד האבען פארגעטראגען דעם קאנגרעס צו שיקען איין עקספעדיציע, וואס זאל אויספארשען דאס לאנד, וואס די ענגלישע רעגירונג לעגט אונז פאר. די דאזיגע יורשים זענען זיך טועה, דער מאמענט איז נאך נישט געקומען. דער פאליטישער ציוניזם, וואס איך קאן מיך בעריהמען, אז איך בין איינער פון די, וואס האבען עס געגרינדעט, געהאדעוועט אונ בעשיצט, שטעהט נאך שטארק אונ ווערד נישט פארענדערט.

איך וויל דעם ה' אוסישקין נישט רעכענען פאר איינעם פון יענע לייט. אבער ער האט נישט קיין רעכט זיך צו האלטען פאר א בעסערען „חובב ציון" פאר מיר אונ מיינע פריינד. האט ער דען מיינע עפנונגס אונ שלום-רעדע אין קאנגרעס נישט געלעזען, אדער געלעזען אונ נישט פארשטאנען? איך האב אויף דעם, וואס איך האב געזאגט אין באזעל גאר נישט מוסיף צו זיין. ה' אוסישקין האלט נישט פון „די דיפלאמאטיע אונ פאליטיק", פון וועלכע ער מאכט חוזק. דאס דערמאנט מיר, וואס א סך פראסטע אונ ארענטליכע מענשען האלטען נישט פון די געשטודירטע לייט. אויף דעם אופן קומט דאך אויס, אז די נישט געבילדעטע זענען וויכטיגער פאר די געבילדעטע. קאן מען דען אין א פארהאנדלונג, וואס נאר מיט דעם דיפלאמאטישען וועג קאן מען עס דערגרייכען, אנדערש ווי דיפלאמאטיש האנדלען? דא פערשטעה איך ה' אוסישקין שוין גאר נישט מעהר. וואס וויל ער אייגענטליך: „מעשים, נישט קיין ווערטער!" אונ ווייזט מיט גדלות אויף זיין „ארבייט אין ארץ ישראל", אויף זיינע „מעשים אויף די הרי יהודה".

לאמיר אקארשט נעהנטער בעטראכטען זיינע מעשים.

ה' אוסישקין אוים יעקאטערינאסלאוו האט געמאכט אין זכרון-יעקב א קליינע בעהאלטענע אספה׳לע, אויף וועלכע עס זענען אנגענומען געווארען פארשידענע בעשלוסען אונ די דאזיגע אספה׳לע האט מען אין די צייטונגען אנגערופען מיט דעם קלינגעדיגען נאמען „דער קאנגרעס אין פאלעסטינא". איך וויל האפען, אז די טערקישע יודישע אונטערטאנען, וואס האבען גענומען איין אנטייל אין דער דאזיגער אספה וועלען נישט האבען שפעטער פון דעם קיין אונאנגענעהמקייטען. נאר אלענפאלס בין איך זיי מתרה, אז זיי זאלען נאך אמאל אזא אונבעטראכטע זאך נישט טון. מיר לעגט זיך דאס גאר נישט אויף דעם שכל ווי אזוי האט דאס די טערקישע רעגירונג ערלויבט דווקא די יודען אין ארץ ישראל צו מאכען א זעלבסט-שטענדיגע פאלקספארטרעטונג בשעת זי לאזט קיין שום זעלבסט-שטענדיגקייט ביי קיין אנדער פאלק, ווי די מאחמעדאנישע אונ קריסט-ליכע נישט צו, ווען מען זאל אפילו אויף איהר אנשיקען דאס מיליטער פון אלע אייראפייאישע רעגירונגען. איך האב פאר אוסישקין נאר דעם איין תירוץ, אז מחמת ער איז נישט געניט אין פאליטיק-זאכען, האט ער מיט זיין אונטערזוכונג׳ס-נסיעה אין פאלעסטינא געשטעלט

איך וויל מיט איהר אנהויבען רעדען, אויספרעגען, וואס הערט זיך אין שטאדט אונ אויף דער וועלט, וואו האלט דאס איצט „נאך דער חלוקה"?... לאזט מען מיך נישט רעדען, דער דאקטאר זאגען זיי, האט אנגעזאגט, אז „דערפון" זאל מען מיט מיר ניט רעדען, אונ איך זאל „דערפון" גאר אפילו נישט קלערען. נאר ווי קאן איך „דערפון" ניט קלערען, אז נאר „דאס" פיקט מיר אין קאפ אריין, אונ נאר וועגען „דעם" זענען פול מיינע מחשבות?... מיין ווייב אונ מיינע קינדער קומען שוין איצט צו מיר אלע טאג; אויך באקאנטע לאזט מען שוין צו מיר צו, ווארום איך קאן שוין זיצען, שטעהן אונ אביסל ארומגעהן איבער׳ן שטוב. איך קאן שוין רעדען אונ מעג שוין רעדען פון וואס איך וויל, נאר נישט „דערפון"; דאס האט דער דאקטאר אנגעזאגט טויזענט מאל: הזהר והשמר — איך זאל זיך נישט דערוועגען רעדען „דערפון" א ווארט!...

דאנקען גאט — מע האט מיך שוין פונ׳ם שפיטאל אויסגעשריבען אונ איך בין שוין אין דער היים, איך האב געטראגען אלסדינג אויף דעם אייגענעם ארט ווי געוועזען. אויך די מענשען די אייגענע וואס פריהער, אפילו די דינסטמויד די אייגענע וואס דעמאלט.

— דו האסט זי צוגענומען צוריק? — זאג איך צו מיין ווייב.

— וועמען?

— די מויד. דו האסט דאך זי דעמאלט אפגעשאפט.

מיין ווייב קוקט אויף מיר שטארק פארוואונדערט, נאר איך בין מעהר פארוואונדערט פון איהר...

פלוצלינג עפענט זיך די טיר אונ עס קומט אריין נחמיה דער הינקענדיגער פאפיראסניק.

— אפשר דארפט איהר פאפיראסען, האב איך פאר אייך אויס-געצייכענטע פאפיראסען! וואלוועל!

— ביזט שוין ווידער א פאפיראסניק? — זאג איך צו איהם אונ איך בין זיך מודה, אז איך בין פון דעם שטארק צופרידען. נאר נחמיה קאן מיר דערויף נישט ענפערען, ווייל מיין ווייב טרייבט איהם דורך מיט די פאפיראסען, אונ איידער איך קוק מיך ארום, קומט אריין נחמן בער דער וואסערפיהרער אונ בעט מע זאל איהם געבען אויף יענעם חודש תאטש איין האלבען קארב.

— וואס איז דאס? — זאג איך צו איהם אונ בין זיך פשוט מחיה — ווי קומט איהר בעטען א האלבען קארב? וואו איז אייער...

— נישט צו ליב מיר, צוליב דעם פערדל — פארענטפערט ער זיך פאר מיר — איך דארף קויפען היי דעם פערדל, האבער בין איך אייך מוחל!

מיין ווייב ניט איהם אין דער גיך דאס האלבע קערבל אונ שטופט איהם ארויס, ער זאל מיט מיר קיין סך ניט רעדען.

אין דעם קומט אריין די מויד אונ פרעגט, צי קאן אריינגעהן

זיינע ברידער, וואס וואהנען דארטען בעשטענדיג אין א סכנה, וועלכע איך וויל דא נישט ארומרעדען אויף קלאר. די וואס האבען איין אנ־טייל גענומען אין דעם קאנגרעס אין זכרון יעקב גיב איך איין עצה, זיי זאלען נאך אמאל אזא זאך נישט טון.

א חוץ דעם וייס איך פון ה' אוסישקינ'ס ארבייט נאר דאס אין די "וועלט" נעמט מען אויף נדבות פאר די קישינובער יתומים לויט אוסישקינ'ס פראיעקט אונ אז די חברה "גאולה" קויפט שטיקער לאנד. איך רעכען, אז דאס צונויפגענומען געלד פאר קישינובער יתומים האלט אוסישקין אליין נישט פאר "ארבייט אין פאלעסטינא אונ מעשים אויף די הרי יהודה". וואס עס געהער זיך אן מיט דעם לאנד קויפען דורך די חברה "גאולה" האט די זאך איין ערנסטע אונ א לעכערליכע זייטע.

די ערנסטע זייטע איז, וואס עס האט זיך ווידער אויפגעוואכט דער אלטער טעות, אז מען קאן דורך קויפען איינציגע שטיקער לאנד אבקויפען א גאנצע מדינה. באראן עדמונד ראטשילד האט דאס נישט געקאנט, באראן הירש האט דאס נישט געקאנט אונ די יק"א, דעם באראן הירשנ'ס לעצטער יורש, קאן דאס אויך נישט אפילו ווען זי זאל עס וועלען. איך האב שוין טויזענט מאל ערקלערט, אז עס איז א גרויסער חלוק צווישען די זכיות פון א יחיד אונ א רבים אונ גראדע פון דעם חלוק ווענדט זיך אין אונזער בעוועגונג אלעס, אלעס! איך וויל עס ה' אוסישקין נאך איינמאל, צום לעצטענמאל ערקלערען. ווען אפילו עס זאל אוסישקינען געראטען אלע גרונדשטיקער אין יעקא־טערינעסלאוו צו קויפען, געהערט יעקאטערינאסלאוו פונדעסטוועגען פאליטיש נישט איהם נאר די רוסישע רעגירונג אונ זאל ער נאר פריוען צו טון דאס קלענסטע אין זיינע גרונדשטיקער, וואס איז געגען די געזעצע, וועט ער זעהן וואס פאר פסק ער וועט האבען. פונקט דאס איינענע איז אין טערקיי אונ אין אלע אנדערע לענדער. יעדער סטודענט וואס לערנט נאר איין יאהר די רעכטען אונ משפטים וועט איהם זאגען, אז איך זאג דעם אמת, אונ אז דאס איז נישט פון מיר קיין "דיפלאמאטיע אדער פאליטיק".

עס געפינען זיך אבער אזוינע לייט, וואס האלטען דאס קויפען שטיקער לאנד פאר "פראקטישע" ארבייט. וייל קויפען אונ פארקויפען געהערט צו דעם פראקטישען לעבען. דא איז אבער אויך פאראן א טעות, וואס איז אבער נאר דעריבער וויכטיג, וייל עס מאכט אן אין אונזער בעוועגונג א מהומה. וואס איינינע לייט גיבען אוס געלד אויף א נארישען אופן דאס איז נאך נישט אזוי שלעכט. געלד־שאדען איז נאך נישט אזא גרויס אומגליק. שלעכט איז נאר, וואס אונזערע ציוניסטישע בעוועגונג קאן אין דעם שולדיג זיין. א מיטגליד פון דער יק"א האט מיר אמאל אין א שמועס אויפגעווארפען, אז צוליב דעם ציוניזמוס, איז די ערד־ספעקולאציע אין פאלעסטינא זעהר שטארק געווארען אונ ער האט מיר אויסגערעכענט איינינע שפעקולאנטען, וואס זענען דארטען רייך געווארען. איך האב איהם געענטפערט אז ביי אונזערע בעוועגונג איז פאר אזעלכע מענשען נישטא קיין פלאץ אונ אז איך קען איבערהויפט נישט די דאזינע שפעקולאנטען. אז דאס קויפען לאנד דורך גאולה פוי ה' אוסישקין, וואס האלט אזוי וועניג פון "דיפלאמאטיע אונ פאליטיק, וועט די שפעקולאנטען צוגעבען פרישען קוראזש, דאס איז זעלבסטפארשטענדליך. די "גאולה" וועט טייער קויפען. איך האב באמת די זאך נישט נאר ניט געשטערט נאר אדרבא איך האב עס נאך געשטיצט, ווי ה' אוסישקין אליין וייסט, בשעת ער איז צו מיר געקומען בעטען איך זאל איהם העלפען. איך האב מסכים געווען איהם צו העלפען, וואס אהן דעם וואלט עס ניט אזוי לייכט געגאנגען, וייל איך האב געמיינט, אז די זאך וועט זיך געהן רוהיג שטיל געשעפטליך אונ אויף א גוטען אופן, אז מען וויל עפיס אויפ'ן פרייען אופן קויפען דארף דער פארקויפער קיינמאל נישט וויסען פארדעם ווי ווייט דער קויף איז פאר'ן קויפער וויכטיג.

אונ איצט קום איך צו די לעכערליכע זייט פון דער זאך. ווי גרויס איז די דיפלאמאטישע פעהיגקייט פון דעם ה' אוסישקין,

---

אליק דער שניידער? אונ תיכף נאך איהר קומט אריין אליק אליין מיט די קאסאקע אויגען.

— ברוך הבא, רב אליק רוף איך מיך אן צו איהם, וואס וועט איהר זאגען גוטס?

— איך האב געוואלט, זאגט פאר איהם מיין ווייב, ער זאל דיר אראפנעמען א מאס אויף א חאלאט.

אונ אליק דער שניידער חאפט אראפ פונ'ם האלז די לאנגע מאס אונ מעסט מיך פון אלע זייטען. איך וויל איהם א פרעג טאן: וואס הערט זיך מיט די פיפציג טויזענט, מיט די נון אלף רו"כ? נאר פון דער אויסגעריבענער קאפאטע אונ פונ'ם בלאסען פנים זיינעם פארשטעה איך, אז ער איז ווייט פון נון אלף רו"כ...

— אצינד — זאגט מיין ווייב — וואלט מען נאך בעדארפט שיקען צו חלאוונע דעם שוסטער, ער זאל דיר אויפנייהען א פאר שטעקשוך.

— חלאוונע איז נאך א שוסטער? — חאפט זיך ארוים ביי מיר פונ'ם מויל.

— וואס דען איז ער? א גובערנאטאר? — מאכט אליק דער שניידער אונ קוקט מיט די קאסאקע אויגען אויף דער סטעלי אונ מיינען מיינט ער מיך — איך ריים מיך אין דרויסען ארוים, איך וויל זיך זעהן מיט מיין אלטעטשקען, מיט מאיר בעל מח; נאר ער, נאר מאיר בעל מח, קאן מיר געבען צו פארשטעהן, מיך קלאר מאכען וואס דא טוט זיך...

מע לאזט מיך אבער נישט ארויס פון שטוב א צייט א צייט. אונ אז דער דאקטאר איז געקומען, מיך רעכט באטראכט אונ געזאגט, אז איך קאן שוין געהן, האט ער מיר אריינגעזעצט א נייע נשמה, זיך האב גענומען דאס שטעקל אונ האב זיך געלאזט געהן.

— וואוהין ושע וועסט דו געהן? — פרעגט מיך מיין ווייב.

— איך רעכען זיך דורכגעהן צו מאיר'ן.

— צו וואסער מאיר'ן?

— צו מאיר בעל מח.

— אהא! לאז ער זיין ווייט אפגעשיידט — ער איז שוין לאנג אויף דער אמת'ער וועלט.

אונ ווי מיין ווייב האט מיר אנגעזאגט די דאזינע בשורה, אזוי האט זיך מיר אפגעריסען אין הארצען אונ איך בין צונעפאלען מיט'ן פנים צום טיש אונ האב מיך צעוויינט ווי א קליין קינד.

ווער וועט אצינד מיר אויפדעקען דעם פארהאנג, ווער וועט מיר אראפנעמען די מאסקע? ווער וועט מיר עפענען די אויגען? נאר ער איינער האט געוואוסט דאס וואס איך ווייס, אונ דער איינער איז געשטארבען, מיט גענומען דעם דאזינען סוד מיט זיך אין קבר אריין!...



ווייס איך נישט, אבער אז ער פארשטעהט נישט איינצוקויפען, דאס זעה איך. אוסישקין איז אודאי איין ערענטליכער מענש; אפילו איצטער, ווען איך בין גרייט זיך צו בעקלאגען אויף איהם, שטעל איך זיין ערענטליכקייט אויסער אלע ספקות. נאר ער טויג נישט צו אזעלכע אונטערנעמונגען, און אויב די „גאולה" האט בדעה נאך ערד אין ארץ ישראל צו קויפען זאל זי דאס אויף להבא טון דורך איין אנדערען, וואס פויקט נישט באלד אויס אין דער גאנצער וועלט וואס ער האט בדעה צו טון.

איך האב צום בעדויערען, גאר קיין פראקטיק אין געשעפט־זאכען, ווייל איך האב מיך ביז איצט מיט געשעפטען קיינמאל ניט פארנומען. נאר פונדעסטוועגען שטעל איך מיר די זאך ווי מיין צוועק צו דערגרייכען אביסעל אנדערש פאר. שטעלען מיר אונז פאר, איך וויל קויפען א הויז, זאל עס זיין א הויז, וואס האט אמאל געהערט מיינע עלטערן און היינט ליגט עס אין אנדערע הענט, וועל איך דאך נישט דעם איצטיגען בעל הבית זאגען, אז איך מוז דווקא דאס הויז האבען און נישט קיין אנדערס. איך וועל איהם אפשר, אויב עס וועט אנדערש נישט געהן, שטעלען א דירעקטען פארשלאג. איז ער דערויף ניט מסכים וועל איך גאר אפשר אין דעם מאמענט איהם ערקלערען, אז מיר גייעהט נישט אזוי אין לעבען צו קויפען דאס הויז, אז איך קאן אין גאנצען אויסקומען אהן דעם. איך וועל מיר בעקוקען א הויז דערביי אדער גאר אין איין אנ׳ער גאס און וועל אנהויבען וועגען דאס הויז ערנסט צו אונטערהאנדלען. עס וועט מיך גאר נישט בעקימערען וואס אנדערע שרייען אויף מיר. דעם אייגענטימער פון מיין פאטער׳ס הויז וועל איך זאגען: „גוט, דו ווילסט נישט מיט מיר האנדלען, איז נישט צו מאכען, מיט גוואלד וועל איך ביי דיר ניט נעמען, וועל איך מיר זוכען ערגעץ אנדערש, וואס פאסט בעסער פאר מיר". און אזוי ווייטער. איך וויים נישט ווי דער האנדעל וועט זיך ענדיגען, אבער מיר דאכט זיך, אז אזוי איז פראקטישער געהאנדעלט ווי ה׳ אוסישקין האט געהאנדעלט מיט זיינע „ארבייט אין פאלעסטינא און די מעשים אויף די הרי יהודה".

איך ענדיג.

איינס פון די צוויי. ענטוועדער ה׳ אוסישקין ווייסט א בעסערען וועג, ווי מען זאל די יודען אויף איין עפענטליך רעכטליכען אופן אריינברענגען אין ארץ ישראל, איז עס פון אזא גוטען ציוניסט ווי ער איז, איין עולה, פאר וואס ער זאגט אונז נישט דעם דאזיגען וועג. ווייסט ער נישט — טא זאל ער נישט מיט פוסטע ווערטער צעשטערען די אחדות אין ציוניזם, וואס איז מעהר ווערט פאר א פאר שטיקער לאנד אין פאלעסטינא.

---

# פאליטישע ענינים.

(יאפאניע וואפענט זיך. דער בעלגישער קעניג אין וויען. די קאנגא־פראגע, די וואהלען אין בולגאריע. דאס פראנצויזישע פארלאמענט).

דער פחד פאר א מלחמה צווישען רוסלאנד און יאפאניע ווערד נישט קלענער, חאטש די צייטונגען, וועלכע רעדען אין נאמען פון ביידע רעגירונגען, פארזיכערען, אז עס איז איין אומזיסטער שרעק, און באמת איז זיך סותר די פיהרונג פון דער יאפאנישער רעגירונג מיט איהר פארשפרעכען, אז זי האט גאר נישט בדעה צו האלטען מלחמה. פון די הוצאות, וואס יאפאניע האט היינטיגעס יאהר אויסגעגעבען אין קריגס־מיניסטעריום, וואס בעטרעפט מיט א סומע פון 15 מיליאן מעהר ווי געווענליך, פון די ארמאטען, וואס זי לאזט בעשטעלען און נעמט עס באלד אב, פון די מיליאנען פוד קוילען, וואס זי גרייט אן פאר איהרע קריגס־שיפען, איז צו זעהן, אז יאפאניע גרייט זיך צו צו איין ערנסטע מלחמה און דאס וואס איהרע צייטונגען פארזיכערען אנדערש, איז וועניג וואס צו גלויבען. דאס יאפאנישע פאלק, ווי עס ווייזט אויס, וויל דורכאויס די רעגירונג זאל צונעמען קארעא. די רעגירונג מוז דעריבער נאכגעבען דעם ווילען פון פאלק און בעוואפענט זיך דעריבער וויפיעל זי קאן נאר. די רעגירונג אליין ווי עס ווייזט אויס וויל נאך נישט קיין מלחמה און פארזיכערט דאס אויך דורך די צייטונגען, וואס רעדען אין איהר נאמען.

לעאפאלד דער צווייטער, דער קעניג פון בעלגיע, איז, ווי עס איז בעקאנט, אויך קעניג איבער דעם גרויסען לאנד קאנגא אין מיטעל־אפריקא. אויף דאס לאנד האבען זיך צוריק מיט עטליכע יאהר געפונען א סך בעלנים, ווי דייטשלאנד, ענגלאנד און נאך אנדערע און אויף דער קאנפערענץ פון יאהר 1885 איז בעשלאסען געווארען, מען זאל עס מאכען פאר א פרייע מדינה אונטער די השגחה פון דעם בעלגישען קעניג לעאפאלד. א סך מיליאנען האט דער בעלגישער קעניג אין דעם לאנד בעגראבען און דעריבער האלט ער קאנגא פאר זיין פריוואט־אייגענטום, אזוי אז ער האט עס אין יאהר 1889 אין זיין צוואה אבגעשריבען בירושה צום בעלגישען פאלק ביז היינטיגעס יאהר האבען די אייראפייאישע רעגירונגען, וואס האבען קאנגא געשטעלט אונטער די השגחה פון בעלגישען קעניג, געשוויגען, מחמת געוויסע סבות, און געלאזט דעם קעניג לעאפאלד טון וואס ער וויל. נאר די לעצטע צייט, ווי דאס בעלגישע פאלק האט פראטעסטירט געגען די מלחמה צווישען ענגלאנד און די בורען, האט ענגלאנד ארויסגעזוכט חטאים אויף בעלגיע, אז זי האלט נישט די פונקטען, וואס זענען בעשטימט געווארען אויף דער קאנפערענץ פון 1885 איבער קאנגא, בעלגיע שטערט דעם פרייהאנדעל און פייניגט די שווארצע איינגעבוירענע. ענגלאנד האט דעריבער געשיקט א פראטעסט צו אלע רעגירונגען, וואס האבען זיך בעטייליגט אן דער קאנפערענץ. צוליב דעם איז דער בעלגישער קעניג געפאהרען קיין וויען צום קייזער פראנץ יאזעף, מיט וועלכען ער האט זיך שוין זייט 22 יאהר נישט געזעהן און מיט וועלכען ער איז צוליב משפחה־סכסוכים נישט געוועזען אין גאנצען בשלום ער זאל זיין דער מפשר צווישען איהם און די ענגלישער רעגירונג וואס פראטעסטירט געגען איהם.

אין בולגאריע האבען זיך אנגעהויבען די וואהלען צו דער נייער סארבראניע (פארלאמענט) און די סטאמבולאווישע *) פארטיי, וועלכע פיהרט איצט די פאליטיק אין בולגאריע, טוט אלע מיטעל, אז די פארטיי זאל האבען מעהר שטימען אין דער נייער סארבראניע. די מיטלען, וואס די סטאמבולאוויסטען און זייער אנפיהרער, דער איצטיגער מיניסטער־פרעזידענט ראצו־פעטראוו ווענדט אן, זענען די איי־

*) סטאמבולאוו איז א געוועזענער מיניסטער־פרעזידענט וועלכע־ איז געוועזען געגען רוסלאנד און איז צוריק מיט עטליכע יאהר געהרג׳עט געווארען.

גענע, וואס סטאמבולאוו בשעתו האט אן געווענדעט, דאס הייסט פראסט, זיי צווינגען מיט אלע שטרענגסטע מיטעל דאס פאלק זאל קלויבען פון זייער פארטיי.

די דעפוטירטע פון פראנצויזישען פארלאמענט זענען זיך שוין צוזאמענגעקומען אין פאריז און דער פראנצויזישער פארלאמענט, וואס האט כמעט דעם גאנצען זומער פון זיך גאר נישט געלאזט הערען, וועט ווידער געבען די צייטונגען שטאף וואס צו שרייבען. די אלע פראגען, ווי די קאנגרעגאציעס, דרייפוס און אנדערע פראגען; וועלען ווידער אויפוואכען נאך זייער זומער־שלאף.

אין אונגארן האט דער גראף סטעפאן טיסא צוזאמענגעשטעלט א נייע מיניסטעריום און די ליבעראלע פארטיי האט אנגענומען דעם פראגראם פון דער נייער רעגירונג און מען האפט, אז עס וועט דער־ווייל שלום ווערען צווישען אונגארן און דעם קייזער.

---

# נייעס פון דער וואך.

## I. וועלט נייעס.

— דער רעדאקטאר פון דעם אמעריקאנישען בלאט „World“ האט בעשטימט צוויי מיליאן דאלאר צו גרינדען א שולע פאר זשורנאליסטען, איין מיליאן האט ער שוין געגעבען און דעם צווייטען מיליאן וועט ער געבען אין דריי יאהר שפעטער, ווען ער וועט זעהן די ווירקונג פון דער שולע.

— דעמידאר, א פעלדשער אין מאסקווא, האט ערפונדען א קליינע מאשין ווי צו שטעלען פאקען אהן א שום וועהטיג.

— לויט ווי דער „בערלינער טאגעבלאט“ שרייבט וועלען אין אנפאנג נאוועמבער זיך צוזאמענקומען אין וויסבאדען דער רוסישער קייזער מיט דעם דייטשען קייזער.

— די מאקעדאנישע קאמיטעטען האבען מודיע געווען, אז זיי זענען נישט צופרידען מיט דעם לעצטען בריף פון די רוסישע און עסטרייכישע רעגירונג וועגען די רעפארמען אין מאקעדאניע און זיי זאגען אז פריהלינג־צייט וועט זיך די מרידה ווייטער אנהויבען.

— די בולגארישע רעגירונג מעלדט, אז עס איז ענטדעקט געווארען א בונט, וואס וויל פון דעם פירשט אוועקנעמען די הערשאפט און פאראייניגען בולגאריע מיט סערביע, און מחמת דעם האט מען דעם קעניגליכען פאלאץ פאראיינ'נט דורך דעם טעלעגראף מיט די קאזארמעס, כדי מען זאל באלד קענען ברענגען דאס חיל, ווען מען וועט בעפאלען דעם פירשט.

— דער רוסישער מיניסטער דעם אייסערן גראף לאמזדארף איז געפאהרען קיין פאריז, וואו ער האט מיט דעם פראנצויזישען מיניסטער דעם אייסערן דעלקאסע אונטערהאנדעלט וועגען וויכטיגע פאליטישע ענינים.

— אויף דער סט' זשמערינקע ביי דער „יוגא־זאפאדניע“ באהן־ליניע אין רוסלאנד איז צעריסען געווארען א וואגאן פון א זאק פולווער, וואס איז דארטען געלעגען. צוועלף מענשען זענען שווער פאר־וואונדעט געווארען, דערפון זענען צוויי באלד געשטארבען. דאס רוב פארוואונדעטע זענען יודען.

## II. יודישע נייעס.

**רוסלאנד.** אין אדעסער אויעזד ווערד דער שטח לאנד, וואס געהערט צו יודען אלץ ווייניגער. מיט 20 יאהר צוריק האבען די יודען געהאט 66,744 דעסיאטען און איצט האבען זיי נאר 49,241 דעסיאטען.

— דעם 26 סעפטעמבער האט א יוד אויס אדעסא ה' אינגליצקי בעקומען די ערלויבניש צו עפענען אין אדעסא א גימנאזיום פאר יודען פון אכט קלאסען. אין דעם יודישען גימנאזיום וועט מען לערנען אלע וויסענשאפטען, וואס ווערען געלערנט אין אלע גימנאזיעס.

— צווישען די אדוואקאטען, וואס וועלען שטעהן פאר די קישינובער יודען, וואס האבען געליטען אין פאגראם אין דעם משפט, וואס וועט זיך אנהויבען דעם 6 נאיאבער, געפינען זיך אויך די יודישע אדוואקאטען גרוזענבערג אויס פעטערסבורג און קאפערניק אויס קיוב. פאר די פאג־ראמשציקעס וועלען שטעהן דער אדוואקאט שמאקאוו אויס מאסקווא און דער נייסטליכער געארג פראנין אויס קישינוב.

— דעם 27 אקטאבער איז ה' ישראל בעלקינד אוועקגעפאהרען מיט די יתומים פון די קישינובער הרוגים נאך ארץ ישראל.

— ה' דוד פיינבערג, דער פארמרעטער פון דער חברה יק״א אין פעטערסבורג איז געקומען אין קישינוב.

— אין „פראנקפורט. צייט.“ איז געדרוקט די ווערטער פון דעם רוסישען יוסטיץ־מיניסטער ה' מוראוויאוו, וועלכער האט גערעדט מיט דעם קארעספאנדענט פון דער דאזיגער צייטונג.

דער רוסישער מיניסטער האט געזאגט, אז אין אויסלאנד זענען פארברייטעט געווארען א סך ליגענס וועגען די קישינובער אונרוהען. ער פארזיכערט, אז די סליעדסטוועס זענען געמאכט געווארען זעהר פינקטליך. מעהר אלס צעהן סליעדראוואטעלעס האבען זיך דערמיט פארנומען. קירצליך וועט דער משפט זיין אין קישינוב. די צאהל פון די שופטים וועט זיין מעהר ווי געוואהנליך. דער בעשולדיגונגס־אקט און דער פסק וועט זיין פאר אפענע טירען, נאר דער משפט אליין וועט זיין פאר פארמאכטע טירען, נאר איך בין זיכער, אז עס וועט זיין א גערעכטער משפט.

— מיט אנדערהאלבען יאהר צוריק איז געוועזען אין באברויסק א גרויסע שרפה. וועלכע האט זיך אנגעהויבען פון א פונק וואס איז ארויס פון לאקאמאטיוו בשעת דער צוג איז פאר'ן שטאדט פארביי־געגאנגען, איינער א נשרף הארעליק האט געקלאגט: די געזעלשאפט פון דער אייזענבאהן און האט געוואונען 500 רובל. איצט פאדערען אלע נשרפים (דאס רוב נשרפים זענען יודען) פון דער געזעלשאפט זייער היזק, וועלכער בעטרעפט ביז 3 מיליאן. די געזעלשאפט וויל מיט די נשרפים דורכקומען אהן א משפט.

אויף דער אספה פון דער חברה „עזרת יתומים“, וואס איז נישט לאנג געוועזען, האט מען פארנעטראגען, מען זאל בויען א פריוט פאר די יתומים און מען האט צו דעם צוועק אויסגעקליבען א קאמיסיע פון זעקס מענשען.

— וועגען די רבנים־אספה אין גראדנא איז מען מודיע, אז די ציוניסטישע פראגע וועט מען דארטען לגמרי נישט בעריהרען און אז נישט ר' וועלוויל מרגליות איז דער צווייטער אנפיהרער פון דער אספה, נאר ר' אליקים שפירא, דער ערשטער מ״ץ אין גראדנא. אויך איז מען מודיע, אז די גרעסטע רבנים וועלען נישט נעמען קיין אנ־טייל אין דער אספה, ווייל עס איז א בזיון התורה, אז אזא מ״ץ ווי דער בעוואוסטער פאלטאווער דיין איז דער הויפט אנפיהרער פון דער אספה.

— פון א זיכערע קוועלע איז מען מודיע, אז דער קלאנג, וואס איז ארויס, אז א געוויסע רעגירונג האט זיך משתדל געוועזען אין קאנסטאנטינאפאל און אז מען האט ד״ר הערצל דארטען געלאזט רופען, איז נישט ריכטיג. ד״ר הערצל איז ערשט נישט לאנג צוריק געקומען קיין ווין פון זיין זומער־וואהנונג אין אסיי. ער האט דארטען געמוזט היינטיגס מאל לענגער פארבלייבען צוליב זיין פרוי, וואס איז די גאנצע צייט קראנק געוועזען. ד״ר הערצל אליין איז אויך א קורצע צייט קראנק געוועזען. איצט איז ער שוין געזונד.

דער אַקציאָנס־קאָמיטעט אין ווין האָט דערווייל צונויפגעקליבען א סך מאטעריאל.

אויף די ידיעה, אז ד״ר הערצל פאָהרט קיין לאָנדאָן וועגען אוגאנדא איז נישט ריכטיג.

— די עקספּעדיציע קיין אוגאנדא וועט געשיקט ווערען, נאָר פאַר דעם וועט פאָהרען דאָרטען א פאַרטרעטער פון די ציוניסטען צו אונטערהאַנדלען מיט דעם דאָרטיגען ענגלישען גובּערנאַטאָר. מען רעכענט, אז די דאָזיגע אַרבּייט וועט מען איבּערגעבּען דעם ה׳ גרינ־בּערג, וועלכער איז א ספּעציאַליסט אין אַזעלכע אונטערהאַנדלונגען.

— אין דער אספה, וואָס איז געוועזען די צייטען אין פּאַריז בּיי דער חברה יק״א, האָט מען אונטערהאַנדעלט וועגען אוגאנדא.

**דייטשלאַנד.** אין פּערלבּערג האָבּען די שטאָדט־פירער אויף זייער לעצטער אספה בּעשלאָסען, מען זאָל אין שלאַכטהויז נישט לאָזען שחט׳ען לויט דעם יודישען דין, וואו מען וועט נישט פריהער די בּהמה האַקען אין קאָפּ כּדי איהר צו פאַרטומלען. אין דער דאָזיגער שטאָדט געפינען זיך 9000 איינוואָהנער, צווישען זיי בּסך הכל 50 יודען.

**איטאַליע.** ראַבּינער ד״ר מרגליות, דער דירעקטאָר פון דעם ראַבּינער־סעמינאַריום אין פלאָרענץ, האָט געהאַט די עהרע זיך פאָר־צושטעלען פאַר דעם איטאַליענישען קעניג און איהם פאָרצוטראָגען וועגען דעם ציוניזם און די ווירקונג פון דעם 6־טען קאָנגרעס.

דער איטאַליענישער קעניג האָט בּעגעגנעט דעם ראַבּינער זעהר פריינדליך און האָט מיט איהם גערעדט א האַלבּע שעה וועגען ציוניזם. ער האָט דעם ראַבּינער געזאָגט, אז ער ווייסט שוין וועגען די עקספּעדיציע וואָס געהט נאָך אוגאנדא, און לויט ווי ער ווייסט איז דער דאָרטיגער קלימאַט זעהר גוט און נאָר אין די דערבּייאיגע לענדער, וואָס גע־פינען זיך אין דער נידער, הערשט די פיבּער.

דער קעניג האָט זיך זעהר אינטערעסירט וועגען די ציוניסטישע אַרבּייט אין פּאַלעסטינא. דער ראַבּינער האָט איהם דערצייהלט אַלע דיפּלאָמאַטישע אַרבּייט פון דעם ציוניסטישען אָנפיהרער. דערויף האָט דער איטאַליענישער קעניג געזאָגט זיין מיינונג, אז מען וועט ניט וועניג הינדערניסע האָבּען וועגען די קריסטליכע הייליגע ערטער אין ירושלים. דער ראַבּינער האָט איהם געזאָגט אז די הייליגע ערטער קאָן מען אוועקגעבּען אונטער די השגחה פון די אייראָפּייאישע רעגירונגען און דער קעניג האָט צוגעשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ און דערצו מסכים געווען.

דער קעניג האָט זיך אויך אינטערעסירט וועגען דער אויפלעבּונג פון דער העבּרייאישער שפּראַך און האָט געפרעגט אויב עס איז אמת, אז עס זענען דאָ היינט יודען, וואָס רעדען אויף העבּרייאיש ווי מיט א לעבּעדיגע שפּראַך און אז מען שרייבּט אין העבּרייאיש גלייך ווי אין איין אייראָפּייאישער שפּראַך. דער ראַבּינער האָט זיך בּענוצט מיט דער געלעגענהייט און האָט מיט קורצע ווערטער פאַר דעם קעניג גע־שילדערט דעם צושטאַנד פון דער העבּרייאישער שפּראַך און ליטעראַטור.

— אין נייעם מיניסטעריום אין איטאַליע איז צום שאַץ־מיניסטער געוואָרען דער אַמאָליגער יודישער מיניסטער לוצאַטי.

## זיי טראַכטען אָבּער.

...אחר המעשה... זי איז אַרויס פון׳ם קעלער.

אַלעס איז שוין איינגעשטילט. די פעדערען האָט דער ווינד שוין בּאַלד אָבּגעריינינגט פון די גאַסען. שוואַרצע ראָבּען האָבּען מיט זיי אויסגעגעסען זייערע געסטען.

עס האַלטען זיך נאָך נאָר די, וואָס זענען צו געקלעפּט צו דער ערד מיט פאַרקיהלט בּלוט.

דאָ און דאָרט ליגען נאָך אויף דער גאַס: א שטוק פון א פּיאַ־נינע, איין איבּערגעקעהרטער שרייבּ־טיש, א פוס־בּענקל אויף א שטוהל מיט איין אויסגעבּראָכענעם פוס, א צעבּראָכענע פּען איבּער־גע׳צלמ׳ט איבּער א קלינג פון א מעסער; אַלעס ליגט דאָ אין א דע־קאָדענטישער סימעטריע, אין אַרויסרופּענדער מינע, ווי איינער זאָגט: „אַ נו, זיי א בּריה, שטעל אונז צונויף אַזוי גיך, ווי אַזוי מ׳האָט אונז צעבּראָכען!״

א „צוים־פּאַפּוגיי״ שטעהט אויף זיין אַרויסגעוואָרפענעם צעבּראָ־כענעם שטייגעל, און קוקט זיך אַרום. ער פּאַלט אין ספק: „אפשר דאַרפען קולטורירטע אַזוי טון?...״ און הייבּט אָן זוכען פון דער נאָהנט עפּיס צום בּרעכען און פאַרניכטען.

נישטא ווער עס זאָל פאַרוואונדערען: „וועמען איז דאָס אין זינען געווען אין אַזא... אויפרייצונג... צו בּעבּרעכען פון אַלע כּלים די חלקים, וואָס זענען געווען פון גאָלד אָדער זילבּער?..״

די שטיבּער מיט די אויסגעזעצטע פענסטער קוקען אויף די גאַסען, ווי אָהן אינטערעס. אַזוי שטעלט אַרויס א בּלינדער די לעכער פון די אויגען, ווען איהם איז שוין אַלס איינס וואָס אונטער זיין הימעל זאָל זיך ניט געפינען.

זי איז צו זיך געקומען, און האָט זיך אַרומגעקוקט.

„גוט וואָס זי איז איין אלמנה: ניט געהאַט קיין מאַן איינצושטעלען.״

„נאָר דער בּן־יחיד וואו איז?״

„געשיקט זיך?! נאָך אַזוינס זאָל איהר גאָט טון?!״

עס האָט זיך געשיקט: צי גאָט, צי ווער איין אַנדערער—דעם איינציגען אַכטצעהן יעהריגען זוהן איהרען האָט מען דער׳הרג׳עט.

עס רייסט זיך פון׳ם האַרץ אַרויס „אוי״; נאָר ער שלאָגט זיך אָן אין צעהנדליגער געוויינען פון צעהנדליגער אַנדערע מאַמעס, קינ־דער, בּרידער, שוועסטער—יעדערער בּעוויינט זיין בּראָך; איטליכער האָט טענות צום אייבּערשטען; נאָר דער אייבּערשטער הערט ניט: ער איז פאַרנומען מיט די שבחים, וואָס „פּמליא של מעלה״ זינגט פאַר זיין כּבוד.

יעדערע וויינט בּעזונדער, דאָך, ווי בּעזונדער איין געוויין זאָל ניט זיין פון׳ם צווייטען—איז דאָ עפּיס שותפות׳דיגעס צווישען אַלע געוויינען.

אין אמת׳ן: וואָס איז דאָ דער חילוק, צי האָט מען איינעם גע־וואָרגען, יענעם—די צונג געשניטען, דעם—צוועקעס אין קאָפּ, א פיערטען—גלאַט דעם בּויך געעפענט—טויט זענען זיי אַלע!

זי געהט איינאיינעם מיט מאַמעס דערקענען יעדערע איהר קרבן.

א שורה לעבּענדיגע, וויינענדיגע, געהענדיגע איז צוגעקומען צו א שורה שווייגענדיגע, ליגענדיגע, טויטע.

דאָס איז ניט אַזוי גרינג יעדען זיינעם צו דערקענען: פּנים׳ער זענען פאַרשוואָלען, ערטערווייז פעהלען אברים, ניטא אויף איינינע קיין צורת בּן־אדם!

די „בּגדים״ זענען אויף איינינע פון די טויטע צעריסען און איינגעטונקען אין בּלוט.

מע זוכט סמנים, ווער—אויפ׳ן לייבּ, ווער—אויפ׳ן לייבּצודעקעל.

יעדערע און יעדער, וואָס דערקענט דעם אייגענעם מת, פאַלט פּנים צו פּנים און רעוועט אָהן ווערטער.

כּמעט אַלע האָבּען שוין דערקענט.

גליקליכע מיטערס!

נאר זי איינע שטעהט נאך פארזינדיגט: זי קאן איהרען ניט אבזוכען.

זי וויינט, אונ זיי וויינען; נאר איהר געוויין איז צו זייערען ניט גלייך: זיי וויינען זיך אב פונ'ם הארץ; זיי זעהען זיך מיט די קינדער אונ... געזעגנען זיך.

זי אבער וויינט, אונ יעדערע טרער שרפ'ט! א פייער ברענט אין איהר!

איי, איז זי מקנא יענע מוטערס!

„צו אלעמען דארף מען האבען מזל!"

„וואו איז ער פארט? גאט שטארקער!"

זי זוכט...

עס דאכט זיך איהר, זי האט איהם דערקענט.

זי נעמט איין עק פונ'ם צעריסענעם רעקל צום מויל, וואשט אב דאס בלוט, עס ווייזט אויס דאס צו זיין.

זי זוכט א בראדיעוועקע אויף דער פלייצע.

„יא, דאס איז ער!"

דאס הארץ ווארפט זיך אין איהר. זי פאלט אויף איהם ארויף, צענעמט די הענט; זי וויל איהם צו דריקען צו איהר ברוסט אזוי, אז אדער ער זאל זיך אויפכאפען, אדער זי זאל דערשטיקט ווערען דא נעבען איהם: סיי ווי האט זי דא מעהר ניט וואס צו טון.

זי וויינט ניט, זי רופט נאר דעם זוהן ביים נאמען.

נאר ער רופט זיך ניט אב; ער קאן זיך ניט אברופען: עס פעהלט דער אונטערשטער קינבאק מיט א האלבען שארבען.

זי וויינט.

אין דער מינוט פיהלט זי — עמיצער נעמט זי פאר די פלייצעס, ריקט זי אב אין א זייט אריין.

זי קוקט זיך ארום: איהרע א ווייט בעקאנטע פאלט אויפ'ן מת, אונ וויינט:

„אוי, זוהן! אוי, מיין איינציגע טרייסט!"

— זיי זשע מוחל! האסט א ביטערען טעות: ס'איז מיינער!

— דיינער?! ט'האסטו דיר נייעס!

— וואס האט זיך מיר געחלומ'ט...

— א, צו מיינע שונאים'ס קעפ!

— אט האסטו דאך אפילו א סימן: א בראדיעוועקע! מיין זנביל'ן דערקענסטו ניט?!

— דאס איז דאך טאקי מיין ברוכ'לס בראדיעוועקע!

— די מלבושים...

— די בגדים...

ביידע געבען גלייכע סימנים.

ביידע קריגען זיך וויינענדיג.

— ס'איין עזות פון א יודענע! א פרעמדען מת...

— ס'א גזלנ'טע אויף דער וועלט!

עס וואגט ניט קיינער זיך אריין צו מישען. מ'העלפט זיי נאר ביידע וויינען אונ קלאגען.

— געה זוך דיר דיינעם — דארט!

— געה דו, זוך דיר צונויף די שטיקער דיינע!

— חצופה!

— הולטייקע!

ביידע האבען קריגענדיג זיך — עוסק געוועזען אין דער קבורה, ביידע האבען דעם פרישען קבר מיט טרערען בעגאסען.

א היים געגאנגען זענען זיי שונאים אויפ'ן לעבען.

ביידע געבען לעכט אין קלויז אריין; ביידע גאהען אפט אויפ'ן קבר. דערביי היטען זיי זיך ביידע — זיי זאלען זיך דארט ניט טרעפען אין איין צייט.

אונ זיי וויינען זיך דארט אויס; נאר אז זיי געהען א היים פיהלט יעדערע, ווי עפיס א שטיק פעהלט אין הארץ.

יעדערע טראכט איבער א זעלכעס, וואס זי האט מורא פאר'ן מויל צו ברענגען.

יהודה שטיינבערג.

---

* *
*

פרעמד צווישען די פרעמדעסטע מענשען
דריי איך מיך עלענד ארום.
זיי קוקען מיך אן פארוואונדערט;
מיין וועהטאג איז שטיל אונ שטום.

אונ זאל איך דערצייהלען מיין וועהטאג,
ווער וועט איהם פון אייך דען פארשטעהן?
אונ זאל איך מיין וואונד אייך אויך ווייזען,
איהר וועט גאר נישט האבען געזעהן.

שוין פאלען די בלעטער, די געלע,
שוין בלאזט גאר רויה דער ווינד —
וואס ווייסען די מענשען, די פרעמדע,
וואס עס פעהלט דיר, אומגליקליך קינד?

נישט ווייט פון א בוים א שטארקען,
ליגט אבגעבראכען א צווייג;
איהם חלומ'ט פון בוים נאך אצינדערט —
איך קוק אויף איהם שמערצליך אונ שווייג.

איך זעה פיעל טויזענט שוואלבען,
זיי פאהרען קיין דרום אהין —
אוי, נעמט מיך דאך מיט, איהר חברים,
אוי קראנק, אוי ווי קראנק איז מיין זין!

דוד פרישמאנן.

---

## א פריה מארגען.

מיין טאטען האב איך א גאנצען טאג נישט געזעהן, אז איך האב איהם יא א מאל געזעהן האב איך מיך פאר איהם בעהאלטען, אנטלאפען בין איך פאר איהם, מורא האב איך געהאט פאר איהם. תמיד איז ער בייז געוועזען, תמיד פארזארגט, אונ עפיס אליין צו זיך גערעדט, אזוי, אז עס האט זיך מיר געדאכט, אז ער פארצייהלט עפיס ווילדע משונה מעשיות זיין לאנגער בארד, ער סוד'קט זיך עפיס מיט זיין בארד.

דעם אמת מוז איך זאגען, אז ליב געהאט דענסטמאל מיין טאטען, מען טאר דאך נישט, אבער אין אמת'ן ליב געהאט האב איך איהם נישט.

נאר איינמאל אין טאג האב איך איהם ליב געהאט, ליב געהאט און איך האב איהם נישט געזעהן.

אין דער פריה איז עס געווען. פינסטער אין שטיבל איז געווען, און קאלט איז געווען, די לאדען זענען נאך צו, און דורך די לאדען־לעכער קוקט ווער מיט גרויע ברילען אריין. אויף דעם טישל ברענט זיך א לעמפל, און ביים טישל זיצט מיין טאטע און לערנט.

אין בעט בין איך געלעגען, צו געדעקט מיט עפּיס, און איך האב געהערט מיין טאטען לערנען.

נאר דענסטמאל, האט זיך מיר געדאכט, איז מיין טאטע א יונגל, וואס האט מורא פאר א טאטען...

ער האט גאר נישט געטאן, נאר ער איז זיך געזעסען פאר זיך, ביי דער גמרא און האט געלערנט.

און דאס קול האט זיך נישט געבראכען, נאר אין דער שטיל, אהן איין אנהויב, אהן איין אויפהער האט עס זיך געלאזט, פאר זיך אליין. עס האט גאר נישט געוואלט, עס האט גאר נישט געבעטען. נאר עפּיס אין זיך און פאר זיך, דאס הארץ אויסגערעדט, עס האט פאר זיך, אליין, עפּיס אויסגעזאגט, אזוי שטיל און אזוי וויינענדיג.

און דענסטמאל האט זיך מיר געדאכט, אז מיין טאטע איז איין אנדערער, נישט דער יוד, נישט מיין טאטע, מיט די לאנגע באָרד און דעם הויכען איינגעקנייטשטען שטערען, מיט די גרויסע, ברייטע ברעמען, וואס בייזערען זיך תמיד... ניין, מיין טאטע, ער פארצייהלט און וויינט אויס זיין הארץ פאר זיך אליין...

און ליב געקריגען האב איך דענסטמאל מיין טאטען, און צו־געהן האב איך געוואלט צו איהם, אין דער שטיל, און טיעף איהם קוקען אין די אויגען אריין — צו איהם צו געהן, און צו זאגען: מיין טאטע, מיין טאטע.

נאר געציטערט האב איך, און דאס הארץ האט אין מיר גע־קלאפּט — איך האב מורא געהאט, בין איך געלעגען אין בעט און אויסגעהערט ווי מיין טאטע לערנט.

און דאס קול זיינס איז געגאנגען וואס א מאל מעהר בעטענ־דיגער און עס האט מיך צו זיך געצויגען. און מיר האט זיך געדאכט אזוי ווי מיין טאטע בעט עפּיס ביי מיר זוכט רחמנות ערגעץ וואו און געפינט נישט.

און איך האב רחמנות געקריגען אויף מיין טאטען.

אין דער שטיל קריך איך אראב פון בעט, געה צו אויף די נעגעל — אין דער שטיל, אין דער שטיל.

אבער גאר נישט, — מיין טאטע איז עס געווען, מיין געוועהנ־ליכער וואכענדיגער טאטע מיט די גרויסע ברעמען און מיט די שארפע אויגען קוקט אויף מיר: טו דיך אן, אין חדר אריין געה!

און איך האב געציטערט און געשווינד מיך אנגעטאן...

שלום אש.

---

# מרדכי נח

דער גרינדער פון א יודישע מדינה אין אנפאנג פון ניינצענטען יאהרהונדערט.

(ענדע).

אז מרדכי נח האט דערהערט ווי זיין אידעע איז אין דער וועלט אנגענומען געווארען, איז זיין פאנטאזיע נאך טויזענט מאל גרעסער געווארען. ער האט זיך פארגעשטעלט: אט איז ער שוין קייזער אין דער נייער יודישער מדינה. א נאמען האט ער די שטאדט געגעבען אררט. צום אנדענקען אן דעם ארט, וואו נח'ס תבה האט גערוהט. נאר מרדכי נח איז ביי דער פאנטאזיע אליין נית געבליבען; ער האט גע־זעהן, אז די צייט איז באמת א שעת הכושר און איז צו געטרעטען צו דער ארבייט. אם 15-טען סעפּטעמבער 1825, דאס איז געוועזען אים צום־גדליה, האט ער געלייגט דעם גרונד־שטיין אין דער יודישען מדינה. כדי עס זאל נית זיין דער עולם צו גרויס האט ער די „חנוכת־המדינה" געמאכט אין בופאלא און כדי די רעגירונג א חניפה צו טון, און בעווייזען, אז די יודישע מדינה וועט לעבען מיט איהר בשלום און ברידערליך האט ער געמאכט די „חנוכה" אין דער ביישעפּליכע קירכע...

מיט דעם ערשטען איינטריט אין דער קירכע, וואס מרדכי נח האט געמאכט, איז נגזר געווארען מן השמים, אז די נייע יודישע מדינה זאל חרוב ווערען. — — —

א פאהן מיט א העברייאישע אויפשריפט האט געפלאטערט איבער דעם גאנצען צוג. אקאר מוזיקע האט פארהילכט אויף מיילען ווייט. נאך דעם קאר זענען געגאנגען יודישע סאלדאטען פון דער נייער יודישע מדינה, נאך דעם — די פריימויערער, נאך זיי די קריסט־ליכע גייסטליכע. מרדכי נח איז געווען אנגעטאן אין א רויט סאמע־טענעם מאנטעל מיט א הערמעלינקראגען און אשווערען גאלדענעם מעדאל אויפ'ן האלז, הינטער איהם — א גרויסע צאהל פריימויערער. דער צוג האט גענומען געהן דורך די הויפּט־גאסען פון בופאלא מיט דעם וועג צו דער קירכע. די קירכע איז געווען ארום־געשטעלט גוט מיט מיליטער. אריינגעהענדיג אין דער קירכע האט די מוזיק אויפגע־שפּילט דעם מארש „יהודה־המכבי". אין דער קירכע איז געשטאנען א גרויסער טיש. אויפ'ן טיש איז געלעגען א גרויסער שטיין און אויפ'ן שטיין איז געווען געשריבען מיט גרויסע יודישע אותיות: „שמע ישראל" — דאס איז געווען דער גרונד־שטיין פון דער נייער יודישער מדינה. די צערעמאניע האט זיך אנגעהויבען מיט דער תפלת שחרית וואס א קאטהאלישער גייסטליכער האט געפיהרט. דערנאך האט מען געלייענט די נביאים, וואס רעדען פון דער גאולה, און עטליכע קאפּיטלעך תהלים. נאך דעם לייענען איז נח ארויף אויפ'ן קאנצעל און האט געהאלטען א רעדע וועגען דער ארגאניזאציאן. די רעדע האט דער נאך אויס געפילט 5 עמודים אין א גרויסען אמעריקאנישען זשורנאל. די אמעריקאנער האבען די נייע יודישע מדינה בעגריסט מיט גרויס שמחה: „דא—האט איין אמעריקאנישע צייטונג געשריבען—קענען די יודען האבען זייער ירושלים, און פאר טיטוס'ן מעהר נית מורא האבען. דא קענען זיי רוהיג בויען זייער בית המקדש און קיינער וועט איהם נית אונטערצינדען, דא קענען זיי רוהיג זייער קאפּ לעגען און פון דער בלינדען קנאת־הדת נית פארפאלגט צו ווערען.

ווי איך האב שוין אויבען באמערקט, האט זיך די יודישע מדינה אנגעהויבען מיט'ן צוג אין דער קירכע און מיט דעם האט זי זיך אויך געענדיגט. ווי די יודען אין דער גאנצען וועלט האבען דערהערט אויף וואס פאר איין אופן מרדכי נח האט געפייערט דעם יום־טוב פון דער נייען יודישען מדינה, האבען אלע געשיקט פראטעסטען א קעגען דער גאנצען בעוועגונג און די פריהעריגע אגענטען האבען אויסגעדריקט חרטה, וואס זיי האבען זיך גאר בעטייליגט אין דער זאך. מרדכי נח האט זיך ארומגעזעהן, וואס פאר א פעהלער ער האט געמאכט, ער האט געשריבען בריף, וואו ער האט זיך פארטיידיגט, ער האט דערוויזען, אז ער האט דאס געמוזט טון מפני דרכי שלום. עס האט אבער ניט מעהר געהאלפען. אין א משך פון א יאהר אנדערטהאלבען איז אלץ פארגעסען געווארען, אזוי ווי דאס וואלט גאר קיינמאל ניט געווען...

מרדכי נח'ן האט זיך אבער גיט געגלויבט, אז פון זיין גאנצער פאנטאזיע זאל זיך גאר ניט אויסלאזען, ער האט זיך געקליבען מיט פרישערע קרעפטען צו דער זאך אויפ'ס נייע צוטרעטען, נאר דער טויט איז איהם צו פריה אריינגעקומען. אין אלטער פון 66 יאהר אם 22 מארט 1851 איז געשטארבען דער גרויסער ענערגישער מאן מרדכי נח — און מיט איהם איז דער זכר פון דער יודישען שטאדט אין גאנצען פארשוואונדען געווארען.

ביז זיין טויט האט ער ניט אויפגעהערט צו זיין א יוד מיט'ן גאנצען הארצען. מיט אלע קרעפטען האט ער געדיענט זיינער געמיינדע. זיין חיונה האט ער געהאט פון ליטעראַרישע ארבייטען. נאר דער עקר ארבייטען איז געווען פארן פאלק. ער האט געגרינדעט פיעל צדקה־חברות אין ניו־יארק און אלע צדקה־געזעלשאפטען האבען איהם געמאכט צום פרעזידענטען. אין 1840 האט ער ארויסגעגעבען דעם ספר־הישר אין ענגלישער איבערזעצונג. — ווען אפילו זיין פלאן איז ניט אויסגעפיהרט געווארען און, אז מע וויל זאגען, אפשר צו ליב זיין שולד, דאך קענען מיר אונז ווינשען א סך אזעלכע יודען, מיט אזא קראפט, מיט אזא ענערגיע...

ד"ר יצחק וויערניקאווסקי.

---

## לערנט אייך זעהן.

דער חוש הראיה ביי די ווילדע איז, ווי פיעל רייזענדער בעשרייבען, פיעל שטארקער ווי ביי די קולטור־פעלקער. שוין אין פאריגען יאהרהונדערט האבען רייזענדע דערצייהלט, אז זיי זענען נשתומם געווארען פון די אונגעהייער שטארקע ראיה, וואס די ווילדע האבען. אלכסנדר פון הומבאלדט (א דייטשער געלעהרנטער, וואס האט בערייזט די ווילדע לענדער) שרייבט אין זיינע ווערק, אז די אינדיאנער אין טשילא האבען דערזעהן הומבאלדטס פריינד באנפלאן, וועלכער איז געוועזען ווייט פון זיי 4 געאגראפישע מיילען, נאך פריהער ווי הומבאלדט האט איהם דערזעהען מיט'ן טעלעסקאפ (א מאשינע מיט וועלכער מען זעהט זעהר ווייט). דער רייזענדער בערגמאן דערצייהלט פון א קאלמוקען, וואס האט אויף 20 קילאמעטער ווייט געזעהען, אז עמיצער רייט אויף א שעה (אזא מין גרויעס פערד) אויף א בארג ארויף און שפעטער האט זיך אויסגעוויזען, אז ער האט טאקי ריכטיג געזעהן. דער בעוואוסטער אפריקא־רייזענדער סטאנליי דערצייהלט, אז א געוויסע ווילדע פרוי וואגאנדא האט מיט איהרע בלויסע אויגען געזעהן בעסער ווי אנדערע מיט א פארגרעסער־גלאז. דער רייזענדער פישער שרייבט, אז די העלפאנטען־יעגער אין מזרח־אפריקא האבען זעהר אפט דערזעהן אנטילאפען (אזא מין חיה), וואס ער מיט זיין פארגרעסער־גלאז האט זיי נישט געקאנט דערזעהן.

מערקווירדיג זענען די ידיעות, וואס דער געלעהרנטער ראנקא דערצייהלט פון דעם אינדיאנישען שבט באקאירי אין בראזיליע. ער זאגט, אז זיי האבען געשאסען מיט פיילען אויף פיש פון דעם שטראמיגען טייך פאראנאטינגא, בשעת זיי האבען געשוואומען. דאס בעווייזט נישט נאר ווי געשיקט זיי זענען אין שיסען, נאר ווי שטארק און ענטוויקעלט עס איז זייער חוש הראיה, דען די שטראהלען ליכט, וואס ברעכען זיך אין וואסער, נארען אונז געוועהנליך אפ און ווייזען אונז דעם פיש נישט אויף דעם ריכטיגען ארט, וואו ער געפינט זיך. די באקאירען, דערצייהלט דער געלעהרנטער ראנקע ווייטער, האבען דערזעהן א מאלפע, וואס האט זיך בעהאלטען צווישען די צווייגען פון א בוים, וועלכע ראנקע האט א לאנגע צייט געזוכט און נישט געקאנט געפינען: זיי האבען מיט זייערע פיילען געשאסען א פוקס אין א וועלדל, פאר וועלכע זיי זענען פארביי געפאהרען, דער פוקס האט געהאט דעם אייגענעם קאליר וואס די ביימער פון וועלדל און עס איז כמעט נישט מעגליך געוועזען איהם צו דערזעהן. אויך האבען זיי געקאנט אונטערשיידען אין א מרחק פון איינינע הונדערט מעטער, וואס די חיה איז, וועלכע זעהט זיך פון דערווייטענס, א זכר אדער א נקבה. זיי האבען געזעהן דייטליך די שפור פון שריט אויף דעם הארטען שטייניגען וועג, בשעת ראנקע האט אויף דעם אייגענעם וועג קיין שום שפור נישט געקאנט געפינען.

פריהער האט מען געגלויבט, אז דעריבער האבען די ווילדע אזא שטארקע ראיה, ווייל זייערע אויגען זענען געשאפען פון א פיינערע נעצהויט; דאס איז אבער נישט ריכטיג. מיט א פאר יאהר צוריק, בשעת איך בין אין אפריקא געוועזען, האב איך געפרובט די ראיה פון פארשידענע ווילדע שבטים ווי: נוביער, קאלמוקען, העלגאלענדער, נעגער פון דאהעמעא, און דער עיקר די בעדואינען און בישארען און איך האב זיך דערוואוסט, אז זייער ראיה איז צוויי אדער דריי מאל אזוי שטארק ווי ביי די אייראפייאישע שולקינדער. דערפון איז נאך אבער אלץ קיין ראיה נישט, אז די אויגען ביי די ווילדע איז פון איין אנדער סארט נעצהויט. ווייל די ווילדע האב איך געפרובט אויף דעם פרייען פעלד, און די שולע איז אין קלאס. שפעטער איינינע יאהר, אז איך האב אין ברעסלוי אונטערזוכט 50,000 שילער אונטער דעם פרייען הימעל, האב איך טאקי ארויסגעפונען, אז ביי זיי איז גלייך ווי ביי די ווילדע אויך דא 45 פראצענט, וואס האבען טאפעלט שטארקע ראיות און 37 פראצענט, וואס ביי זיי איז די ראיה דריי מאל אזוי שטארק ווי ביי אנדערע.

(ענדע קומט).

ד"ר הערמאן קאהן.

---

## א בריף אין דער רעדאקציע.

### מען דארף אנהויבען פון אלף.

אין „פאלקסצייטונג“ נומער 35־36 בעריהרט ה' פ. קאנטאראוויטש די פראגע: „וואס זאלען מיר עסען און טרינקען?“ אדער אנדערש

געזאגט, ה' קאנטאראוויטש בעמיהט זיך אביסל חוזק צו מאכען פון דעם וועגעטאריזמוס און דערביי פאררופט ער זיך אויף דער מיינונג פון איין אנטיוועגעטאריאנער פראפעסאר העפע אויס בערלין. איך בין איצט נישט אויסען מיט ה' קאנטאראוויטש צו דיספוטירען איבער די וועגעטארישע פראגע. איהם צו בעווייזען ווי ווייט דער וועגעטאריזמוס איז נוצליך און געזונט פאר מענשען, וועלכע ווילען זיין מענשען, און ווי ווייט פראפעסאר העפע האט אונרעכט (איך וועל עס גערן טון שפעטער, אויב עס איז דער רעדאקציע אנגענעהם). לעת עתה וויל איך נאר ה' קאנטאראוויטש אויפמערקזאם מאכען אויף ווייטערעס.

a) די „יודישע פאלקסצייטונג", ווי עס זאגט אונז שוין דער נאמען, איז דער עיקר בעשטימט פאר דעם פשוט'ן פאלק, מיט דעם פאלק מוז מען רעדען פארשטענדיגער און דייטליכער, מען דארף איהם דייטליך ערקלערען, און פיעל זאכען דארף מען מיט איהם אנהייבען פון אלף. צו די דאזיגע זאכען געהערט אויך די פראגע איבער וועגעטאריזמוס. איך קאן ה' קאנטאראוויטש שווערען אים יום־כפור אז 95% פון פאלק ווייסען אפילו נישט וואס איז אזוינס א וועגעטארער אדער וואס איז וועגעטאריזמוס. עס געפינען זיך נאך ליידער אונטער די כלומר'שט געבילדעטע קלאסע, מענשען, וועלכע מוזען דעם ווערטערבוך בענוצען אום געוואהר צו ווערען די ריכטיגע בעדייטונג פון וועגעטאריזמוס. ביי מיר זעלבסט איז געוועזען דער פאל, אז א קריסטליכע דאמע, כלומר'שט א געבילדעטע א ברודער איין אינזשענער און קינדער אין גימנאזיום, האט מיך געפרעגט וואס פאר א רעליגיע איז דאס וועגעטאריזמוס? דערפון איז צו זעהען, אז וואס איז נוגע די דאזיגע פראגע מוז מען מיט דעם פאלק אנהויבען גאר פון אלף.

b) דער דייטש זאגט א שפריכווארט: ווער עס זאגט „א" מוז אויך זאגען „ב", ה' קאנטאראוויטש האט אנגעהויבען פון „ב", ער מוז אבער פריהער דעם „א' זאגען. ה' קאנטאראוויטש ציטירט פראפעסאר העפע, וועלכער איז נאך גאר נישט אזא פוסק — א שם דבר. פאר וואס דערמאנט ער גאר נישט די וועלטבעריהמטע פילאזאפען, געלעהרטע און בעוואוסטע פראפעסארען, ביאלאגען, וועלכע האבען דעם וועגעטאריזמוס אויפגעלעבט, וועלכע זענען געוועזען מיט לייב און זעלע איבערגעגעבען צו דער אידעע און מיט אלע מעגליכקייט זי פראפאגאנדירט, ווי צום ביישפיל: הופעלאנד מיט זיינער „מאקרא־ביאטיק", דאס הייסט די קונסט לאנג צו לעבען, פראפעסאר דובאא ריימאנד און אנדערע וועלט־בעריהמטע געלעהרטע פריהריגע און שפעטערדיגע, ווי אין די אלטע צייטען: פיטאגאראס, עמפעדאקלעס, סאקראטעס, פלאטא, סאפאקלעס. און אונזערע צייט: גראהם און גלייזעס, שעליי און רוסא, אויך פיעלע אנדערע. ה' קאנטאראוויטש האט צום מאל נישט דערמאנט די וואס זענען פאר און נאר איינעם וואס איז געגען ציטירט און דאס אויך אזוינעם, וואס קאן בשום אופן נישט דינען אלס מוסטער. פראפעסאר העפע איז א געוועהנליכער פראפעסאר, נישט קיין פילאזאף, נישט קיין וועלט־בעריהמטער ביאלאג און נאטור־פארשער. איך בין אין ספק צי אפילו אין בערלין קענען איהם אלע. דערפאר אבער ווען ה' קאנטאראוויטש וואלט דעם עולם דערציילען אז גראף טאלסטאי איז א וועגעטאריאנער — ער מיט זיין גאנצע משפחה, ער זאל איבערגעבען דעם פאלק די ווערטער פון דעם גרויסען פילאזאף איבער וועגעטאריזמוס, בין איך זיכער אז אלע פון די לעזער וואלטען געוואוסט ווער איז דאס טאלסטאי און פיעלע וואלטען זיך פון איהם אראבגענומען א ביישפיל, און דערמיט וואלט ה' קאנטאראוויץ דעם פאלק מעהר נוצען געבראכט. וויינגסטענס שוין נאר דערמיט אז א יוד דארף זיך נישט האלטען אומגליקליך, אז ער האט נישט אויף פלייש און פיש אויף שבת. און בנוגע צו געזונט, קאן ער יוצא זיין מיט ארבעס־זופ אדער באבעלעך מיט קליסקעלעך, וואס עס קאסט נישט אזוי טייער און עס איז אפשר פיעל געזונטער ווי „טרופעס", דאס הייסט פלייש און פיש; דעריבער וועלען מיר אפשר רעדען שפעטער, לעת עתה, ליבער הער קאנטאראוויטש, וואלט געוועזען פיעל גלייכער אנצוהויבען פון אלף.

א איבערצייגטער וועגעטאריאנער.

---

## אלערליי.

איינגעשלונגענע זאכען ארויס צו באקומען. ווען מען שלינגט איין א מטבע, א קנאפ, א געוויכט אדער נאך א זעלכע זאכען, זאל מען אויפעסען א גרויסע מענגע צעריבענע קארטאפעל מיט פוטער און נאר נישט צוטרינקען, דורך דעם ווערען די געדערעם אויסגעציינען און אז דער פרעמדער איינגעשלונגענער קערפער שטעקט נאך נישט אין פלייש קאן ער אונטע'ן ארום א־ויס.

— רענטגען־שטראהלען א מיטעל געגען גרויע האר. איין ענג־לישער דאקטאר ק. העוולי האט געמאכט איינע פראבעס מיט רענטגען־שטראהלען, גרויע האהר ווידער זייער ערשטע קאליר צו געבען און עס איז איהם געראטען. עס איז אבער צוליב דעם נישט כדאי מיט די שטראהלען זיך צו בענוצען, דען ווי די מעדעצין האט דערוויזען שאדט זעהר דאס בענוצען זיך מיט רענטגענשטראהלען צו די הויט.

---




### I. אלגעמיינע נייעס.

— אין טשערניגאוו (רוסלאנד) וועט זיך אין קורצען עפענען א פרויען־קלוב. די תקנות פון דעם דאזיגען פרויען־קלוב זענען שוין אויסגעשיקט געווארען אין פעטערסבורג און מען ווארט מען זאל עס דארטען בעשטעטיגען.

— דאס מיניסטעריום פאר פאלקס־בילדונג אין רוסלאנד האט דערקלערט, אז די פרויען, וואס האבען געלערנט ביי זיך אין דער היים אלע וויסענשאפטען, וואס ווערען געלערנט אין גימנאזיום, האבען דאס רעכט צו בעקומען א דיפלאם אלס לעהרערין אין איין עלע־מענטאר שול, ווי די וואס האבען געלערנט אין גימנאזיום.

— א געוויסער ה' קראמסקי אויס קאראטשא האט געשאנקען א גרויסען פלאץ און 10,000 רובל צו בויען אין דער איינענער שטאדט א גימנאזיום פאר מיידלעך.

### II. יודישע נייעס.

— צו די פעדאגאגישע פרויען־קורסען אין אדעסא איז בע־שטימט געווארען צו צונעמען 40 פראצענט יודישע פרויען.

— דער רוסישער מיניסטער פאר פאלקס־בילדונג האט ער־קלערט, אז מען דארף געבען די יודישע פרויען, וואס האבען אין דער היים געלערנט אלע וויסענשאפטען, וואס ווערען געלערנט אין

גימנאזיום, דיפלאמען אלס לעהרערינען אין איין עלעמענטאר שול גלייך מיט די פרויען פון אנדערע גלויבענס.

— פרוי אנטאניע נאטאנזאהן אוים ווארשא האט מנדב געווען 300 רובל צו שטיצען ארימע יודישע עלטערן, וואס קאנען נישט צאלען קיין שכר־למוד פאר זייערע קינדער.

---

# די פרויען־בילדונג אין רוסלאנד.

די פרויען־בילדונג אין רוסלאנד הויבט זיך אן פון יאהר 1860. שוין דענסטמאל האבען זיי אנגעהויבען, צוערשט אין א קליינע צאהל, זיך צו בעווייזען אין די אוניווערזיטעטען צו הערען לעקציעס. שפעטער האט זיך זייער צאהל פארגרעסערט אונ דעריבער אין יאהר 1863 האט דאס מיניסטעריום פאר פאלקס־בילדונג אנגעהויבען צו בעהאנדלען די פראגע פון פרויען־בילדונג. זי האט וועגען דעם געשיקט אנפרא־געס אין אלע 6 רוסישע אוניווערזיטעטען. 2 פון זיי, די מאסקאווער אונ דערפאטער (היינט אוריעוו) האבעי געענטפערט, מען זאל קיין פרויען נישט צולאזען צו קיין אוניווערזיטעט. פון מאסקווער אוניווערזיטעט, למשל, וואו עס האבען זיך דענסטמאל געפונען 25 פראפעסארען, האבען נאר 2 געזאגט, מען זאל די פרויען יא צולאזען, די איבריגע אלע האבען געזאגט, אז מען זאל זיי נישט צולאזען.

די פעטערסבורגער אוניווערזיטעט האט געשטימט מען זאל יא אריינעמען פרויען, אבער נאר אלס פרייע צוהערערינס אונ מען זאל זיי ערלויבען צו פארנעמען זיך מיט מעדעצין אונ צו בעקומען שטעלען. די קאזאנער אוניווערזיטעט האט געשטימט מען זאל די פרויען ער־לויבען אנצונעמען שטעלען אין דער פעדאגאגיע אפילו אין לעהר־אנשטאלטען פאר מענער. נאך בעסער געשטימט פאר די פרויען בילדונג האבען די הארקאווער אונ קיעווער אוניווערזיטעטען, וועלכע האבען געזאגט זייער מיינונג, אז מען דארף פרויען צולאזען צו אלע פאקולטעטען אונ, אז זיי ענדיגען זייער שטודיום זיי געבען די אייגענע רעכטען, וואס די אויסגעשטודירטע מענער האבען.

נאר חאטש דאס רוב אוניווערזיטעטען האבען געשטימט פאר די פרויען-בילדונג האט מען פונדעסטוועגען ביז 1867 אין דעם קיין זאך נישט אויפגעטאן. אין דעם אייגענעם יאהר האט פרוי קאנראד שריפטליך פארגעטראגען פאר דער וויסענשאפטליכער געזעלשאפט, וואס האט זיך דענסטמאל אין פעטערסבורג צונויפגעזאמעלט, א פארטראג, אין וועלכען זי ווייזט אויף ווי נייטיג עס איז צו בילדען די פרויען, אונ חאטש פרוי קאנראד האט דענסטמאל מיט איהר פארטראג גאר נישט געפועלט ווייל די וויסענשאפטליכע געזעלשאפט האט זיך מיט דער פעדאגאגישער פראגע נישט פארנומען אונ מעהר ווי אויסדריקען איהר בעדויערען אונ מיט געפיהל האט זי נישט געקאנט, פונדעסטוועגען איז איהר ארבייט נישט געוועזען כחנם. דען דאס האט אונטערגעגעבען הארץ די אנדערע פרויען, וועלכע האבען אויך פארלאנגט מען זאל די פרויען צולאזען צו בילדונג, צו ארבייטען ווייטער אונ אין מאי 1768 האבען 400 פרויען געשיקט בקשות צום רעקטאר פון פעטערסבורגער אוניווערזיטעט, מען זאל גרינדען פאר פרויען לעקציעס אדער קורסען. נאר די 4000 בקשות האבען אויך א קליינע ווירקונג געהאט אונ מעהר ווי הערען לעקציעס צו זאמעז מיט די מענער האט דער דענסטמאלדיגער מיניסטער פאר פאלקס־בילדונג נישט ערלויבט.

דאך האט דאס נישט אבגעשראקען די מוטיגע פרויען אונ זיי האבען אלץ ווייטער געארבעט פאר זייער אידעאל אונ טאקי מיט א יאהר שפעטער אין אפריל 1869 האט י. א. פאולסאן געעפענט ביי דעם 5 טען גימנאזיום אין פעטערסבורג קורסען פאר פרויען. שפעטער מיט אייניגע חדשים אין אקטאבער האט מען אין מאסקווא ביי דעם צווייטען גימנאזיום אויך געעפענט אקורס פאר פרויען, אין וועלכען זיי זאלען קענען בעקומען אזוי פיעל בילדונג וויפיעל עס איז נייטיג אנצוקומען אין די אויסלענדישע אוניווערזיטעטען.

דעם 2 יאנואר 1870 האט מען אין דעם הויז פון מיניסטער דעם אינערן געעפענט פרויען־קורסען, וועלכע זענען בעשטאנען פון 2 אבטיילונגען: „נאטורוויסענשאפט" אונ „היסטאריע". דעם אייגענעם יאהר האט זיך אויך אין קיעוו געעפענט אזוינע קורסען מיט די איי־גענע אבטיילונגען. אין 1871 האבען די פרויען בעקומען איין ערלויבניש אנצוקומען אין העלזינגפארסער אוניווערזיטעט אונ צו האבען די אייגענע רעכטען ווי די געשטודירטע מענער.

פון יענעם יאהר אן איז נישט אוועקגעגאנגען א יאהר, אין וועלכען די פרויענבילדונג זאל נישט שטייגען אלץ העכער. אין יאהר 1872 האט דער פראפעסאר וו. א. געריע געעפענט אין מאסקווע העכערע קורסען פאר פרויען. אין יאהר 1875 האט די רעגירונג פאר־שפראכען, אז קירצליך וועט מען עפענען אוניווערזיטעטען פאר פרויען אונ אין יאהר 1878 האט מען אין פעטערסבורג געעפענט העכערע קורסען פאר פרויען. פאר דעם ערשטער דירעקטאר פון די פרויען קורסען איז בעשטימט געווארען ק. נ. בעסטיזשעוו ריומין אונ די השגחה איבער די שילערינס איז איבערגעגעבען געווארען צו פרוי סטאסאוו, וועלכע איז געוועזען איינע פון די הויפט-ארבייטערינס פאר דער פרויען־בילדונג. 5 יאהר האבען די קורסען געהאלטען. אין יאהר 1883 האט מען די קורסען פארמאכט אונ אין יאהר 1889 האט מע זיי ווידער געעפענט.

אין די אנדערע רוסישע שטעדט, וואו עס געפינען זיך אוני־ווערזיטעטען, איז אויך די פרויען-בילדונג געשריטען פארוים. אין יאהר 1876 האט אין קאזאן פראפעסאר סארקען געעפענט פרויען־קורסען מיט דער פראגראמע פון די מאסקווער פרויען-קורסען, וואס געריע האט געגרינדעט. אין קיעוו האט מען אין יאהר 1878 געעפענט פרויען־קורסען, אין וועלכע דאס לערנען האט געדויערט צוויי יאהר. אין יאהר 1881 האט מען פון ווארשא אונ חארקאוו דערלאנגט א בקשה דארטען צו גרינדען פרויען־קורסען. די בקשה איז אבער נישט דערפילט גע־ווארען. נאר חאטש כמעט אין אלע גרויסע שטעדט פון רוסלאנד געפינען זיך לעהר־קורסען פאר פרויען, זענען נאך פיעל געצוואונגען צו זוכען בילדונג אין אנדערע ערטער, ווייל אין די פרויען-קורסען איז פאר זיי נישט גענוג ארט פאראן.

פעט — סטי.

---

רעדאקטאר: מ. ספעקטאר
פערלאג „פאלקסבילדונג".

Herausgeber Verlag Volksbildung Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher Krakau Druck v. S. L. Deutscher Podgorze b. Krakau.

## צום געלד זאמלען



איז זעהר פראקטיש די 10 קאפעקענע שפארזאם קאסעלעד.

יועהרענד דורך אבשפארען 10 קאפ. טעגליך אונ אריין ווארפען אין קאסעלע, פון וועלכען מען קאן נישט ארויס נעהמען ביז עס קלויבט זיך אן 5 רובל, קאן מען זיך אנזאמלען א קליין קאפיטאל.

זעהר נייטיג פאר אגענטען, אינקאסענטען, איבערהויפט פאר פרויען אונ קינדער. 3—6 (262).

פרייז 2 שטיק נאר 1.05 רובל מיט פארטא.

В. ТЕНЕНБАУМЪ

Варшава, Гусья 27/40.

---

## אומזוסט אהן געלד!!

שיקט מען יעדען א ביכעל וועגען שניידען אונ נייהען אלערליי מלבושים. אדרעסע:

Г-жѣ Бертѣ Найдичъ, Варшава.

---

**ТОЛЬКО** нѣсколькими рублями можетъ каждый завести постоянный хорошій заработокъ у себя дома. Объясненіе безплатно.

Адресъ: Я. Найдичъ, Варшава.

---

בבית מסחר הספרים

**י. ראזומאווסקי בברדיטשוב**

ובהמחלקה שלו בווארשא, נאלעווקי 34 אצל א. ציילענגאלד נמכרים כל מיני ספרים במקחים נמוכים. (217) 22 50

# ביבליותיקה לבני הנעורים (הוצאת „תושיה"):

## I לילדים:

1) קובץ שיחות קטן (שיחה) מאת ר. נוסטפסון, תר' נ. פינס. 2) ידידי המלך עמינדב (שיחה) — הנ"ל, תר' הנ"ל. 3) הרועה ובת המלך (אגדה) —הנ"ל, תר' י. ב. לבנר. 4) א] המלך אשר שנתו נגזלה, ב] פרחי ששון (אגדות)—הנ"ל, תר' הנ"ל. 5) ארבעים שודדים (אגדה ערבית)—תר' מ. סילמן. 6) שלשה אחים (שיחה)—ר. גוסטפסון, תר' נ. פינס. 7) רחוב הזהב (אגדה עברית)—ל. ויזל, תר' י. ב. לבנר. 8—10) א] עשר ואשר, ב] גדול העליליה (אגדות ערביות)—תר' הנ"ל. 11, 12) א] גמול ישרים או רחוב מיזל, ב] הרמב"ם והעלם האלם (אגדות עבריות) — ל. ויזל, תר' הנ"ל. 13) החבצלות (ספור)—רוטשיק, תר' נ. פינס. 14) הכליף־החסידה (אגדה) — הויף. תר' י. ב. לבנר. 15) א] פרעה מלך מצרים (ספור הסטורי) — ד' ספירל, ב] בלב־ים (אגדה מדרשית)—תר' הנ"ל, 16) איש בלי לב (אגדה אנגלית)—תר' א. ליבושיצקי. 17) הדיג והדגה (אגדה בחרוזים) — א. ס. פושקין, תר' הנ"ל. 18) ל"ג בעומר (ספור) — ש. דינר. 19) הכלה האמתית (אגדה) — האחים גרים, תר' ש. ברמן. 20) יוחנן הנאמן (אגדה) — הנ"ל, תר' הנ"ל. 21, 22) א] תרח אוהב הכסף ספור התורים), ב] עשיר אמ־ל (אגדה) —תר' מ. סילמן. 23) המלך שלמה ומשחקי השח־מט (אגדה מזרחית) — תר' א. ב.. 24) לב אבן (אגדה עברית) —ל. פיליפזון, תר' פ. קפלן. 25) אח ואחות (ספור)—תר' הנ"ל. 26) גלית הנדיב (ספור)—תר' א. ליבושיצקי. 27) לבנת שלג (אגדה)—האחים גרים, תר' ש. ברמן. 28) השד ושלש שערות הזהב (אגדה) — הנ"ל, תר' הנ"ל. 29) א] בית היער, ב] הנחש הלבן (אגדות)—הנ"ל, תר' הנ"ל. 30) א] הברקת, ב] אשר ועני (ספורים)—י. ב. לבנר. 31—54) כל אגדות ישראל (חלק א', 24 חוברות) — הנ"ל. 55) ילד מצל (שיחה)—א. ברוסילובסקי. 56—58) משלי ילדים (3 חוברות) — שלמון. 59,60 מעשה בנבוכדנצר שנהפך לדב (ספור) — י. צ. לוין. 61—75) למען אחי הקטנים (שירים מקוריים ומתרגמים, 15 חוברות) — א. ליבושיצקי. 76 — 78) מיגון לשמחה (ספור)—כ. שמידט, תר' י. ב. לבנר. 79) ימים מקדם (ספור) — מ. הורליק. 80) ילדים עובדים (ג' ספורים: 1] יעקב, 2] ימימה, 3] רחבית)—י. גרזובסקי. 81 — 90) שיחות ילדים (10 חוברות) — י. שטינברג. 91—93) למך ולמך (ספור־אגדה)—י. צ. לוין. 94—95) נח בתבה (ספור־אגדה) — הנ"ל. 96—97) העצמות היבשות (ספור־אגדה) — הנ"ל. 98—99) הפחה הרועה (אגדת בני קדם) — תר' ב. רובינזק. 100) מעשה בבן מלך (אגדה)—הנ"ל. 101) א] החסידה, ב] החידה (אגדות)—האחים גרים, תר' ש. ברמן. 102) א] יקטן הנבון, ב] זלפה החכמה, ג] המסחר הטוב (אגדות)— הנ"ל, תר' הנ"ל. 103) א] מלך הר הזהב, ב] ש...ית ושלמה (אגדות)— הנ"ל—הנ"ל. 104) א] ארון הזכוכית, ב] החתן השודד (אגדות)—הנ"ל, תר' הנ"ל. 105) עפר האילים (אגדה) —הנ"ל, תר' הנ"ל. 106) בת יחידה (ספור)—תר' א. ליבושיצקי. 107) המזמרת הקטנה (ספור)—תר' הנ"ל. 108) א] המשורר העני, ב] דבורה הזקנה (ספורים)—תר' הנ"ל. 109) מעשה בשלטן אחד (אגדה ערבית) —תר' הנ"ל. 110 א] המלאך הגואל, ב] הכוכבים שאבדו (פנטסיות) — תר' הנ"ל. 111—155) כל אגדות ישראל (חלק ב', 45 חוב')—י. ב. לבנר. 156) צפור־הזהב (אגדה)—האחים גרים, תר' ש. ברמן. 157) החיט אמיץ הלב (אגדה) — הנ"ל, תר' הנ"ל. 158) רמוצה (אגדה)— הנ"ל, תר' הנ"ל. 159) א] כפה ארומה, ב] הקציעה (אגדות)—הנ"ל, תר' הנ"ל. 160) רעת האוזים (אגדה) — הנ"ל, תר' הנ"ל. 161—163) בני המלך והלביא (אגדה מזרחית, ג' חוב') — תר' ח. ד. רוזנשטיין. 164) דבורה (אגדה) — תר' פ. קפלן. 165) אי־הסוף (אגדה)—תר' א. רוזט. 166) חכמה נפלאה (ספור)—תר' חיים רבינוביץ. 167,168) א] רבי אליעזר בן הורקנוס (תולדה)—י. מיוחס, ב] מעשה באיש מופת (ספור) — ק. ל. סילמן. 169, 170) שולמית (אגדה, מימי שלמה מלך ישראל)—י. שטינברג. 171) א] גבה מעל גבה (משל), ב] המנדרין והבנדיחן (בדיחה)—תר' י. ב. לבנר.

מחיר כל נומר 4 ק'. פאר' לכל חוברת או ישלש ביחד 2 ק'; כל 5 נומרים בכרך קטן אחד מכ' בבר אדום מחירו 25 ק'. פאר' 4 ק'; כל 10 נומרים בכרך אחד מכ' 50 ק'. פאר' 6 ק'; כל 15 נומרים בכרך אחד מכורך הדר בבר 75 ק'. פאר' 10 ק'.

מחיר כל אגדות ישראל מאת י. ב. לבנר (מאשר ממעה"מ) (פורמט קטן) ח"א מכ' הדר 1.15 ר'. פאר' 14 קאפ; ח"ב בשני כרכים מכ' הדר כ"א 1.05 ר'. פארטא לכ"א 14 קאפ'.

מחיר ילקוט ספורים (י"ד ספורים) מאת י. ב. לבנר (מאשר ממעה"מ) 56 ק', מכ' הדר 70 ק'. פאר' 10 ק'.

## II לנערים:

1] א—ב) מלחמת אחים (ספור ע"פ ז. הונא). י. ב. לבנר.
2] ג) אגריפס הראשון (ציור הסטורי). א. ז. רבינוביץ.
3] ד—ה) השבוי בקוקז (ספור, טולסטוי) תר' הנ"ל.
4] ו—י) המוהיקני האחרון (ספור ע"פ קופר). י. ב. לבנר.
5] יא—יג) אי בורניא (ספור מסע ע"פ מיין־ריד). א. ז. רבינוביץ.
6] יד) בני משה (אגדה). ל. מקלר.
7] טו) הנדחים בירכתי צפון (ספורי מסע). תר' מ. ס. איזנשטדט.
8] טז—כ) מגבורי האומה (תולדות ישראל ע"י ביוגרפיות) 5 חוברות: 1) עזרא ונחמיה; 2) שמעון הצדיק וחוניו בגנו; 3) יהודה המכבי; 4) שמעון בן שטח ושלומית אחותו; 5) הלל הבבלי (הזקן). ש. ברמן.
9] כא—כה) בן המלך והעני (ספור ע"פ מרק טוען). 5 חוברות. י. גרזובסקי.
10] כו—כט) האח העור (ספור ע"פ גרן). 4 חוברות. י. ב. לבנר.
11] ל) הצעד הראשון (ספור). תר' פ. קפלן.
12] לא—לה) מחיי הטבע (ספורים מחיי החיות, פ. ברנדל). 5 חוברות. תר' י. גרזובסקי.
13] לו—נ) מגבורי האומה (כנ"ל) 15 חוברות: 6) רבן גמליאל הזקן; 7) אלעזר בן חנניה הכהן ויוחנן בן לוי מגוש חלב; 8) רבי יוחנן בן זכאי 9) רבן גמליאל דיבנה; 10) רבי יהושע בן חנניה; 11) רבי טרפון; 12) רבי ישמעאל בן אלישע; 13) רבי עקיבה בן יוסף; 14) שמעון בר־כוכבא; 15) רבי מאיר; 16) רבן שמעון בן גמליאל; 17) רבי שמעון בן יוחאי; 18) רבי יוסי בן חלפתא; 19) רבי יהודה הנשיא, חוברת א'; 20) רבי יהודה הנשיא, חוברת ד'. ש. ברמן.
14] נא—נב) הנודד הקטן (ספור, ה. אמיצים). 2 חוב', תר' א. ליבושיצקי.
15] נג—נד) ברונא הנודד (ספור). תר' א. הייבשוביץ.
16] נה) שני המלכים (ספור). תר' ב. רובינזק.
17] נו) גאל דמעה (אגדה קוקזית). תר' הנ"ל.
18] נז—נח) יונת המלכה (אגדה). תר' מ. רודיוב.
19] נט—ס) חכמת העמים (מספורי לבולי). תר' י. גרזובסקי.
20] סא—ע) מגבורי האומה (כנ"ל) 10 חוברות: 1) רבי חנינא בן חמא; 2) רב (אבא אריכא); 3) הנ"ל; 4) שמואל (ירחינאי); 5) רבי יוחנן בן נפחא; 6) הנ"ל; 7) רבי שמעון בן לקיש (ריש לקיש); 8) רב הונא ורב יהודה; 9) רבי אבוהו; 10) רבה ורב יוסף. שלמה ברמן.
21] עא—עג) 1) אהבת אם (ספור), 2) יחזקאל (ספור). י. שטינברג.
22] עד) 1) שכולה, 2) כתב הזבובים, 3) האח והאחות, 4) החסיד והחסידה (מעשיות). הנ"ל.
23] עה) 1) שרח בת אשר, 2) צפורה (אגדות). י. שטינברג.
24] עו) 1) חץ השועה, 2) מלת פלאים (אגדות). הנ"ל.
25] עז) 1) תמרים של חמשה עשר, 2) גזר הדין (אגדות). הנ"ל.
26] עח, עט) 1) צחוק שפתים (ספור), 2) האיף (ספור) י. ב. לבנר.
27] פ) במקום דרשה (מחזה לילדים). י. ח. טביוב.
28] פא) נשף פורים (מחזה לילדים במערכה אחת). מ. מונסביץ.
29] פב) החמסן הקטן (חזיון בעלילה אחת וחמשה מחזות). מ. הורליק.
30] פג—פד) מוסר נער רע (חזיון בשמונה עשר מחזות). תר' הנ"ל.
31] פה) העניים (חזיון בעלילה אחת וחמשה מחזות). תר' י. מ. זלקינד.
32] פו—צ) מחיי הטבע (ספורים מחיי החיות, פ. ברנדל). תר' י. גרזובסקי.
33] צא) מחיי הילדים בארץ ישראל (ספורים). חמדה בן־יהודה.

מחיר כל נומר 6 ק'. פאר' לאחד או לשנים 2 ק'; כל 5 נומרים מכ' בכריכה יפה 40 ק'. פאר' 6; כל 10 נומרים מכ' הדר 80 ק'. פאר' 10 ק'.

**Издательство „ТУШІЯ", Варшава. — Verlag „TUSCHIJAH", Warschau.**

---

בבית־מסחר־ספרים של

**ז. ש. שרעבערק**, ווילנא, סטעפענג.

נמכרים כל מיני ספרים בתנאים נאותים.

Книжн. магаз. З. Ш. Среберка, 225 Вильна. 50—17

---

**НУЖНЫ АГЕНТЫ** 221 50—18

для сбыта издѣлій штемп. фабрикаціи и патент. предметовъ со значительн. прибылью. Первоклассн. производство. Не смѣшивать съ другими мелкими заведеніями. Рефлектанты благовол. указать родъ занятій и адр. Каталоги и условія безплатно. Конт. паров. типогр. и фабр. штемп. **И. ЗИМАНЪ, г. Бѣлостокъ**

---

פריוואט-אנשטאלט פון קינדבעטורין פון ד"ר וואוועלבערג, לעשנא 79, ווארשא נעהמט אן ארעמע קינדבעטורינס אומזאנסט. פיר פערמעגליכע בעזונדערע צימער פאר צאהלונג. אומזאנסטער אמבולאטאריום פיר פרויען-קראנקהייטען פון 10 ביז 12 פריה. (20—20) 231

---

## עלעקטרישע

נייהייטען מאגאזין פאן

Б-тья Каннусъ Варшава

איז איבערטראגען אויף

(259) С-го Георгія 22. 3—3

---

НОВАЯ КНИГА

## „СОВРЕМЕННАЯ ПАЛЕСТИНА"

въ физико-этнографическомъ и политическомъ отношеніяхъ

составилъ И. Белкиндъ.

Книга эта иллюстрирована, содержитъ 19 печатныхъ листовъ на зеленовой бумагѣ и имѣетъ 11 географическ. картъ

Цѣна книги 1 р. 40 к. въ изящн. переплетѣ 1 р. 90 к.

ПРОДАВЦАМЪ ОБЫЧНАЯ СКИДКА.

СКЛАДЪ ИЗДАНІЯ

при Типографіи и Фабрикѣ Писч.-бумажн. Издѣлій

Торговаго Дома

**Г. И. ЛЕВИНСОНЪ, ВЪ ОДЕССѢ.**

Желающимъ ознакомиться съ содержаніемъ этой книги безплатно высылается краткое описаніе ея.

Оптическо-Хирурги-
ческой складъ
И. ПИКЪ
Налевки 35 Варшава

ברוכבענדער עלעקטרא-גאלוואנישע מיט גומי פעלאטין, וועלכע האלטען גענצליך איין דעם ברוך און דריקען נישט דעם קערפער. ברוך- און בויכבענדער פיר פרויען, עלאסטישע גומי-שטרימפפע פיר געשוואלענע פיס, גארסעטען פיר גארבאטע, קינסטליכע פיס און הענד, שטוצנע אויגען, ברילען מיט בעלגישע גלעזער פיר קורצע און שוואכע ראיה, ווי אויך אללע אפטישע און חירורגישע ארטיקעל אין גרויסען אויסוואהל צו זעהר ביליגע פרייזען עמפפעהלט אפטיק

**י. פיק, נאלעווקי 35 ווארשא.**

אלץ ווערד צוגעפאסט דורך ספעציאליסטען

234 — 25 16

## !!נאך ניכט דאגעוועגען!!

### פעדערהאלטער מיט קאלענדאר

זעהר נוטצבאר פיר יעדען וואס האלט נור א פעדער אין האנט, צו זעהען גענוי אין איין מאמענט, יעדען דאטום פון 1902 ביז 1907 יאהר.

### פעדערהאלטער, מיט א יודישען לוח צום יאהר תרס"ד.

די פעדערהאלטער זענען זעהר שען אויסגעפיהרט.

עס ווירד ארויס געשיקט אויך פער נאכנאהמע 6 שטיק פיר 1 רובל פראנקא איבעראל. (261) 5—3

ווידערפערקייפער בעקומען ראבאט.

**В, ТЕНЕНБАУМЪ**
Варшава, Гусья 27/40.

## בית-מסחר ספרים
## ב. צ. שיינפינקעל
ווארשא זלאטע 63

מוכר, קונה ומחליף כל מיני ספרים בתנאים נאותים למאר. 50 24 (210)

## אינטערעסאנט, שיין און וויכטיג
### איז דער בעריהמטער אדעסער
# יודיש-רוסישער טעגליכער אבריים-קאלענדאר
# (ОТРЫВНОЙ КАЛЕНДАРЬ)
## אויף דעם יאהר 1904 (תרס"ד-תרס"ה)
(צווייטער יאהרגאנג)

דער אינטערעסאנטער אבריים-קאלענדאר איז זעהר שיין און רייך געדרוקט פון ביידע זייטען אויף פיין פאפיער אין א וואונדער שיינעם ארדנונג מיט א פיין איליוסטרירט וועגטל. אין זעכס שיינע פארבען.

אינהאלט פון קאלענדאר:

1) יודיש-רוסיש-אויסלענדישער דאטום, (אין יודיש, רוסיש, דייטש, פראנצויזיש, און פוילישע שפראכע).
2) זונן-אויפגאנג-זונן-אונטערגאנג,
3) צייט פון ליכט בענשען,
4) ראש חודש בענשען, מולדות,
5) וויכטיגע היסטארישע בעשרייבונגען,
6) יאהרצייטען פון יודישע גרויסע מענער,
7) אפאריזמען (ערהאבענע געדאנקען) שטראף-רייד,
8) טיראושען פון די באנק-בילעטען,
9) פלאטץ אויף בעמערקונגען, (для замѣтокъ)
אויף דער צווייטער זייטע קומט.
10) וואונדער-שענע אנעקדאטען,
11) וויכטיגעס פיר יודען, היסטארישע ערקלערונגען וועגען ימים טובים און תעניתים,
12) וויסענשאפטליכע, אינטערעסאנטע און וויכטיגע ארטיקלען.

דאס ווערטע פובליקום וועט גאנץ איבערראשט זיין פון דיעזען וואונדער-שיינעם אינטערעסאנטען וויכטיגען אבריים-קאלענדאר.

(248) **פרייז 30 קאפ׳ מיט פארטא 40 קאפ׳.** 15—9

4 קאלענדארען אויף איינמאל איז פארטא-פריי. — ווייניגער פון 10 קאלענדארען ווערען מיט קיין נאכנאהמע ניט געשיקט. — לסוחרים ראבאט הגון.

Книжный магазинъ Братьевъ Блетницкихъ въ Одессѣ, Еврейская № 35.
Buchhandlung Gebrüder Bletnizky in Odessa (Russia).

## היימישע מיטטאגען!
צו מעססיגע פרייזען, אויך פער-שיעדענע צייטונגען צום לעזען ביי
אהרן משכיל-לאיתן
ווארשא, גענשע 13, וואהנונג 7, אין טהויער, 2 שטאק. 60-31 (192)

## י. שעקמאן, ווארשא
פאבריק פון זילבער 84 פראבע
(128) עם אמעדוואארע. 50 40

Я. ШЕКМАНЪ
Варшава, Налевки № 20.

[illegible] 20. אבצאהלונג [illegible] 10.

איינציגע ברוכבענדער, וועלכע היילען גרינדליך נאך קורצעם געברויך זינד נור „אלעקסאנדערס"

## נייעס!! נייעס!!
### ברוכבענדער עלעקטרא-גאלוואנישע

היילען גרינדליך נאך קורצעם געברייך, און נאך 3 מאנאטליכען טראגען ווירד דער ברוך גענצליך אויסגעהיילט. — זיי האלטען גוט איין דעם ברוך און דריקען נישט דעם קערפער, וועהרענד אהנע עלעקטריע איז דאס אונמעגליך. **בויכבענדער** פיר פרויען, עלאסטישע גוממי שטרימפפע פיר געשוואלענע פיס, ברילען מיט ווענעציאנישע גלעזער, וועלכע שטערקען די אויגען, אפאראטע פיר העמערוידען, אויך אנדערע כירורגישע און אפטישע ארטיקעל עמפפעהלט צו פאבריקס פרייזען די לאנג יעהריגע פירמא

**Хирургическо-Оптическій магазинъ**
подъ фирмою Александеръ
Сенаторская 22, Варшава

דא עס האט זיך געצייגט אז מען מאכט נאך אונזערע ברוכבענדער, ביטען וויר אויפמערקזאם צו זיין אויף די אריגינאלע מיט'ן סטעמפעל פון אונזער פירמא.

וויר בעזיצען הונדערטע דאנקשרייבען פון די יעניגע וואס האבען געטראגען אונזערע ברוכבענדער.

ביי בעשטעלונגען פער פאסט דארף מען נור איינשיקען דאס מאס פון קערפער

149 הערום: — פרייז 1 זייטיגע 6 רובל, 2 זייטיגע 10 רובל. 50 22

די פירמא עגזיסטירט זייט 1885 יאהר.

**Paryzkie nowe modele**
rekomenduje znany magazyn
Okryć damskich, wierzchów do futer i kostjumów
**D. Borodowski,** Warszawa, Leszno 9 m 4.
Na żądanie wykonywam wszelkie obstalunki w 24 godzin.
(148) 25—20

הוצאת „תושיה".

ספר חדש
## ארץ ישראל.

ספר למוד הגיאוגרפיה של ארץ ישראל עם מפה בעלת צבעים בעברית מאת יהודה גרזובסקי.

(252) מחירו 25 ק׳, פארטא 2 ק׳.

Издат. „Тушія" Варшава. — Verlag „Tuschija" Warschau
בע"פ: נובוליפקי 7 מעון 9.